# דער יודענשטאַאט

אַ פאַרזוך פאַר אַ מאָדערנער
לעזונג פון דער אידען-פראַגע

פון
ד"ר טעאָדאָר הערצל

איבערזעצט פון
ד"ר ש. בערנשטיין

ציוניסטישע ארגאַניזאַציע פון אמעריקא
ניו יאָרק, 1927

# עטליכע באמערקונגען פון איבערזעצער

אין פארלויף פון די דרייסיג יאָהר זינט עס איז ערשינען הערצל׳ס „יודענשטאאט”, איז אַנטשטאַנען א גרויסע ציוניסטישע ליטעראַטור. אויף אַלע געביטען פון די ציוניסטישע פּראָבלעמען, אין וויסענשאַפט און פּאָליטיק, אין טעאָריע און פּראָפּאַגאַנדא, זיינען פּראָדוצירט געוואָרען אונצעהליגע ווערק. אָבער הערצל׳ס „יודענשטאאט” איז אַלץ נאָך פארבליבען דאָס בעסטע ציוניסטישע בוך ביז אויפ׳ן היינטיגען טאָג. עס איז א מערקווירדיג בוך. וואס מעהר די יאָהרען פארגעהען, אַלץ מעהר וואַקסט זיין אייגענאַרטיגקייט, אַלץ וואונדערליכער קומט עס אונז פּאָר און אַלץ טיפער ווערט צוגעצויגען צו איהם אונזער אויפמערקזאַמקייט. דער „יודענשטאאט” האָט פארנומען אין דער אידישער געדאַנקען־וועלט א פּלאַץ וואָס נאָר זעלטענע ווערק און אין זעלטענע דורות זיינען אימשטאַנד געווען צו ערָאבערען. עס איז איצט שוין אפילו שווער זיך פּאָרצושטעלען די אידישע אידעען־וועלט אָהן דעם דאָזיגען רעטזעלהאַפטען בוך.

מאַנכע גלויבען, אז דער „יודענשטאאט” רעפּרעזענטירט דאָס פּראָגראַם פון ציוניזם. דאָס איז אַ טעות. דאָס ציוניסטישע פּראָגראַם איז קלאָר און דייטליך פּאָרמולירט אין דעם באַזעלער פּראָגראַם. הערצל׳ס „יודענשטאאט” איז מעהר ווי א פּראָגראַם. ער איז דער גייסט פון ציוניזם און די נשמה פון זיין נשמה. הערצל האָט אַליין אָם בעסטען כאַראַקטעריזירט דאָס וועזען פון זיין ווערק — „דאָס בוך זאָל קענען פליהען“. אין דעם גייסט און אין דער דאָזיגער זעלישער פאַרפאסונג איז אנטשטאַנען דאָס עפּאָכע־מאַכענדע בוך. ניט צוליב דעם ווייל דאָס וואָס דאָס בוך שילדערט און פארלאַנגט איז איבערערדיש און אונדערגרייכבאַר. הערצל׳ס לעבענס־קענטניש האָט איהם געזאָגט, אז קיין זאַך איז ניט אַזוי שווער ווי צו פאַראינטערעסירען אַ מענשען פּאַר די איינפאַכסטע זאַכען. נאָר מיט דעם אַוועקפליהען פון זיין אַזוי אָנגערופענער רעאַליטעט וועט דער איד ערשט זיין ביכולת צו פאַרשטעהן די רעאַליטעט, אין וועלכער ער לעבט. פון דעם דאָזיגען סוד איז דער פאַרפאַסער ארויסגעגאַנגען. די מענשליכע ליטעראַטור האָט זעלטען־ווען אויפצואווייזען אַ בוך פון אַזאַ גרויסער פליה־קראַפט און וואָס זאָל זיין צוגלייך דאָס איינפאַכסטע, פּאַרשטענדליכסטע לעזע־מאַטעריאַל וואָס איז ווען־עס־איז ערשינען איבער אַ גרויסען פּראָבלעם.

אַ טיפערען באָאַבאַכטער וועט זיך וואַרפען אין אויג אַן אונבאַמערקטער שטריך פון דעם דאָזיגען ווערק. בוכשטעבליך די גאַנצע געשיכטע פון אידישען פאָלק זייט עס איז ארויס פון מצרים ביז היינטיגען טאָג, ווערט פאַקטיש באַריהרט אין הערצל׳ס „יודענשטאאט”. ניטאָ איין היסטאָרישע געשעהעניש, ניטאָ איין כאַראַקטעריסטישער פאָלקס־צוג אין לעבען פון די אַמאָליגע דורות ווי אויך אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אונזער היינטיגען דור וואָס האָט ארויפגעלעגט זיין שטעמפּעל אויף דעם אידישען פאָלקס־לעבען, וואָס זאָל ניט, אין דער אָדער יענער פאָרם, באַמערקט ווערען

אין בוך און זאָל ניט פאַרוועמטעט ווערען פאַר א באַשטימטער אויפקלערונג. ניטאָ כמעט קיין איין פּראָבלעם פון דער אידישער ווירקליכקייט וואָס ווערט דאָרט ניט אין דער אָדער יענער פאָרם באהאנדעלט. עס איז אַ קאָנדענסירטע פאָלקס־געשיכטע און אַן אמת׳ער לעבענס־בוך פון אַ נאַציאָן וואָס האָט ניט זיינס גלייכען אין דער גאַנצער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור.

דערביי איז כמעט דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון דעם ווערק, אַ מאָמענט וואָס קען אונז אָפט איבערהויפּט פאָרקומען ווי אַן אַנטאַגאָניזם, אויב ניט אַלס אַ שטריך פון אַן אמת׳ער געטליכער קאָמעדיע. אין גרונד גענומען איז הערצל׳ס „יודענ־שטאַאט" גאָרניט קיין ספּעציפיש אידיש בוך. עס איז אַ מענשליכעס ווערק. פאַרפאָלגט מען נעהנטער דעם געדאַנקען־גאַנג און דאָס גייסטיגע וועבען פון פאַר־פאַסער אין זיינע פּלענער און פּראָיעקטען, אין זיינע פאַרצווייגטע איינצעלהייטען און טעכנישע פאַרוויקלונגען, — ווייס מען איבערהויפּט ניט וועלכער מאָמענט איז דאָ דער שטאַרקערער פאַקטאָר: דער אידישער אָדער דער מענשליכער. דער טרוים פון דעם זיבען שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג וואָס דער „יודענשטאַאט" זאָל פאַרווירק־ליכען און דערמיט געבען אַ צווינגענדען ביישפּיל פאַר דער איינפיהרונג פון דעם געקירצטען אַרבייטס־טאָג אין דער גאַנצער וועלט, פאַרפאָלגט דעם פאַרפאַסער אויף טריט און שריט כמעט ניט ווייניגער ווי די גאַנצע אידעע פון דער אידישער מלוכה. אין אמת׳ן אָבער איז דאָ ניט פאַראַן קיין געגענזאַץ. דאָס אידישע און דאָס מענש־ליכע איז ביי הערצל׳ען אַזוי נאַטירליך צוזאַמענגעוואַקסען און אַזוי אָרגאַניש אידענ־טיפיצירט, אַז עס איז איבערהויפּט שווער צו באַמערקען און פעסטצושטעלען זייערע גרעניצען. אונווילקירליך אַנטפּלעקט זיך דאָ פאַר אונז אַ ווייטערער אונבאַמערק־טער מאָמענט: צי איז דאָס בוך איבערהויפּט געשריבען געוואָרען פאַר אידען אַליין? לויט זיין טיפען וועזען און ברייטער טענדענץ באַקומען מיר דאָ גיכער דעם איינ־דרוק, אַז דער פאַרפאַסער אַפּעלירט מעהר צו דער ניט־אידישער וועלט ווי צו דער אידישער. עס איז ניט קיין אידען־פראַגע, נאָר אַ קריסטען־פראַגע, אַ מענשהייטס־פראַגע. די מענשליכע אידעע, אין איהר העכסטען און שעהנסטען אויסדרוק, איז אפשר איינע פון יענע סבות וואָס קענען אונז אין אַ געוויסען זין אויפקלערען דעם סוד פון דער גרויסער ווירקונגס־קראַפט וואָס דאָס דאָזיגע קליינע ביכעל האָט אויס־געאיבט אין לעבען פון אידישען פאָלק.

ווען מיר לייענען אַ בוך, וואָס איז שוין אַלט דרייסיג יאָהר, דאַרף עס געוועהנ־ליך זיין אונפאַרמיידליך, אַז מיר זאָלען זיך אָנשטויסען אויף פאַראַלטעטע פאָר־שטעלונגען און איבערלעבטע אידעען. דריי צעהנדליג יאָהר טראָגען אריין פיל ענדערונגען אין לעבען. דאָס איז ניט דער פאַל מיט דעם „יודענשטאַאט". מיט אַן איבערראַשענדער ערשטוינליכקייט וואַרפט זיך אונז די טאַטזאַך אין די אויגען, אַז אַלץ וואָס אין בוך ווערט באַריהרט, פאַר דער געגענוואַרט און דער צוקונפט, איז אויך ביז אויפ׳ן היינטיגען טאָג אַקטועל און לעבעדיג. אידעען וואָס מיט דרייסיג יאָהר צוריק האָבען זיי געמוזט פאָרקומען ווילד און אונפאַרשטענדליך שטעהען

היינט פאר אונז אלס לעבעדיגע ווירקליכקייטען און זעלבסטפארשטענדליכע רעאליטעטען. די פאראויסזעהונג פון „יודענשטאאט” זיינען ווייזעגוויז איינפאך ערשרעקענד מיט זייער באשטימטקייט און פעסטגעשטעלטער זיכערקייט. עפעס ווי א שטימע פון די אלטע נביאי ישראל וואלט צו אונז רעדען. ווי מאדנע עס קלינגט דער פלאן פון א טשארטער! בעת הערצל האט באשריבען אויף'ן פאפיר זיינע האפנונגען וועגען דעם אינטערנאציאנאלען דאקומענט, איז עס געווען נאך פאנטאסטישער ווי א חלום און עס האט גארניט אויסגעזעהן אז שוין אין צוואנציג יאהר ארום וועלען אלע קולטור־פעלקער פון דער וועלט אננעמען און פראקלאמירען די באלפור־דעקלאראציע. ווען מיר לעזען ווי אזוי דאס נייע לאנד וועט דארפען זיין גאראנטירט פון דעם „ראט פון די פעלקער”, וואונדערען מיר זיך איבער דער נאאיוויטעט און פאנטאסטיק פון שרייבער. ווי קומט ער עפעס אויף'ן געדאנק פון א פעלקער־ראט? היינט, פארשטעהט זיך, איז דער פעלקער־בונד א זעלבסטפארשטענדליכע זאך. אויף אזעלכע איבערראשונגען שטויסען מיר זיך אן אין בוך אויף טריט און שריט. נאר איין באגריף געפינען מיר אין „יודענשטאאט” וואס מעג היינט באצייכענט ווערען אלס אן איבערלעבטער. דאס איז „זיין מאיעסטעט דער סולטאן פון טערקיי”, צו וועמעס פארשטאנד און שטאאטסמאנשאפט עס ווערט אזוי שטארק אפעלירט. אבער היינט ווייסען מיר דאך וואס דער שרייבער האט געהאלטען פון דער דאזיגער מאכט. הערצל דערצעהלט אונז אין זיינע מעמוארען פון יענעם עפיזאד, ווען מען האט איהם געפרעגט אויף א ציוניסטישער פארטרויליכער בעראטונג אין פעטערבורג וואס ער דענקט פון דער צוקונפט פון טערקיי. זיין ענטפער איז געווען אן אונצווייידייטיגער: „מיט דעם זייגער אין דער האנט קען מען באשטימען די שטונדע פון איהר אונטערגאנג”. דער דאזיגער פראפעטישער גייסט מאנט אונז און באאונרוהיגט אונז ביים לעזען פון בוך. עפעס הויבען מיר אן צו גלויבען, אז וואס עלטער מיר ווערען אלץ בעסער פארשטעהען מיר דאס ווערק, אלץ מעהר פארווירקליכען זיך די גרונד־אידעען אויף וועלכע דער וואונדערליכער בנין איז אויפגעבויט. אפשר דארפען מיר טאקע אין דעם גייסט לעזען דאס בוך. אלץ וואס מיר פארשטעהען ניט, אלץ וואס קומט אונז פאר פרעמד און אונדורכפיהרבאר — דאס אלץ וועלען מיר נאך פארשטעהן אין די שפעטערדיגע יאהרען. אפשר זיינען זיי צו־פריה געשריבען געווארען און זיי געהערט נאך די צוקונפט.

קיין זאך באאונרוהיגט ניט אזוי דעם פארפאסער ווי די מעגליכקייט אז זיין בוך זאל באצייכענט ווערען אלס אן „אוטאפיע”. עס איז כאראקטעריסטיש, וואס ניט קוקענדיג אויף די פארשיידענסטע קריטיקען און מלחמות, וואס זיינען פאר פילע יאהרען אנטשטאנען געגען דאס ווערק, האט עס דאך באוויזען צו באהויפטען זיין פאזיציע און ניט דערלאזען אז עס זאל געשטעמפעלט ווערען אלס אן אוטאפיע. א בוך וואס געהט ניט אראפ פון פאליטישען לעבען און שטרעבען פון א פאלק פאר דרייסיג יאהר נאכאנאנד איז קיינמאל ניט געווען קיין אוטאפיע. אין געגענזאץ צו טאמאס מאאר און אנדערע אוטאפיסטען האט הערצל ניט באדארפט באשאפען

קיין נייע באַדינגונגען פאַר דער רעאַליזירונג פון זיין פּלאַן. דאָס איינציגע, וואָס הערצל'ען פעהלט פאַר דער פאַרווירקליכונג, איז דער ווילען, די טענדענץ. די באַדינגונגען, די מאַטעריאַלען ליגען פאַר אונזערע אויגען ווי צואוואָרפענע רעדער פון אַ מעכטיגער מאַשין. עס דאַרף זיך נאָר באַווייזען דער ווילען, די צוזייטע און צושפּרייטע מאַשינען־קערפּער צו ברענגען אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ און די מאַשין באַוועגט זיך. דאָס אידישע פאָלק באַזיצט אַלץ וואָס איז נויטיג פאַר אַ שטאַרקער פרייער און גליקליכער מלוכה, נאָר עס איז צוואוואָרפען, פאַרנאַכלעסיגט און ניט פאַרוועטערט. אין דעם מאָמענט וואו די נאַציאָנאַלע ענערגיע ווערט אָרגאַניזירט און דער ווילען אויפגעלעבט — אין דעם מאָמענט איז די אידישע מלוכה אַ זעלבסט־פאַרשטענדליכער רעזולטאַט און לאָגישע קאָנזעקווענץ. „נעכטען האָב איך גע־גרינדעט די אידישע מלוכה", פאַרשרייבט הערצל אין זיינע מעמואַרען, אַ טאָג נאָכדעם ווי עס האָט זיך געעפענט דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל. אפשר איז דאָס געווען די אויפגעוועקטע באַהאַלטענע נאַציאָנאַלע ענערגיע און דאָס פאַרפאָלגענדע אייזערנע געזעץ פון לאָגיק וואָס האָט אַזוי אויפגערודערט דאָס אידשע געוויסען און האָט געמאַכט דאָס בוך פאַר אַ באַאונרוהיגענדען מאַהן־רוף צום אידישען פאָלק פאַר אַלע צייטען.

„ניט לאַכען, ניט וויינען, נאָר פאַרשטעהן" — דער דאָזיגער שפּינאָזיסטישער פּרינציפּ איז דער גרונדצוג פון „יודענשטאַאַט". דעם דאָזיגען פּרינציפּ האַלט הערצל פאַר אַן אַבסאָלוטע נויטוועגדיגקייט פאַר דער פעסטשטעלונג פון דעם קראַנק־הייטס־דיאַגנאָז וואָס האָט אָנגענומען אין דער קולטור־וועלט דעם נאָמען „אידען־פראַגע". די טענדענץ אַלעס צו „פאַרשטעהן" דערגעהט ביי איהם ביז צו די גרוזאַמ־סטע פאָרמען פון לאָגיק און קאָנזעקווענץ. הערצל פאַרהיימליכט ניט אפילו אַ געוויסע סימפּאַטיע פאַר דעם אַנטיסעמיטיזם, ווי אַ דאָקטאָר וועלכער באַהאַנדעלט מיט פריינדשאַפט און פאַרשטענדניס אַ ליידענדען חולה. דאָס גרעסטע אומגליק פון אידישען פאָלק באַשטעהט דערין וואָס אָנשטאָט צו פאַרשטעהן דעם אידען־האַס און שאַפען די נויטיגע אָפּהילף, באַקעמפען מיר איהם מיט סענטימענטען. דאָס לאָגישע אייזערנע געזעץ, וואָס איז די טרייב־קראַפט און דער לייט־מאָטיוו פון דער גאַנצער יודענשטאַאַט־אידעע, פיהרט דאָ דעם פאַרפאַסער צו אַן אַנטשלוס, וואָס אין זיין גרויסקייט און אין זיין גראַנדיעזער אויפפאַסונג איז ער גאַנץ אונ־באַקאַנט ניט נאָר אין דער אידישער געשיכטע. הערצל איז געקומען צו דער פאַרצווייפעלטער דערקענטניש, אַז דער גאַנצער גלות איז געווען אַ ביטערער טעות, וואָס מען דאַרף וואָס גיכער באַזייטיגען. אַזוי ווי די סבה פון אידען־האַס זיינען די אידען אַליין, דאַרף מען אַוועקנעמען די סבה פון די לענדער און „טראַנספּאָר־טירען" די אידען־מאַסען אין זייער אייגען לאַנד. וואָס פאַר אַ פאַנטאַזיע! וואָס פאַר אַ וואַהנזיניגע אוטאָפּיע! וואו איז עס געהערט אָדער געזעהן געוואָרען, אַז אַ פאָלק זאָל איינפאַך „טראַנספּאָרטירט" ווערען? עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר הערצל'ס וויזיאָנס־קראַפט, אַז אויך דערין האָט דער ערנסט פון לעבען איהם שפּע־טער רעכט געגעבען. האָט זיך דען ניט פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט אָפּגע־

שפילט די מערקווירדיגע סצענע וואו קרוב צו צוויי מיליאָן מענשען זיינען אין פארלויף פון א קורצער צייט טראנספּאָרטירט געוואָרען פון טערקיי קיין גריכענ־לאַנד — מיט דער מאָראַלישער און פינאַנציעלער אונטערשטיצונג פון די קולטור־פעלקער וועלכע זיינען פּארטראָטען אין פעלקער־בונד? די דאָזיגע „פאַנטאזיע" און „וואהנזיניגע אוטאָפּיע" האָט הערצל פאָראויסגעזעהן אלס א וועג צו דער לייזונג פון א דורות־אַלטען אָנגעוועהטאָגטען פּראָבלעם, נאָר מיט איין וועזענט־ליכען אונטערשייד. הערצל האָט זיך די פאַרווירקליכונג פון דער דאָזיגער „טראנס־פּאָרטירונג" ניט פאָרגעשטעלט אלס אַן אַקט פון שנאה און בארבאריי, נאָר אלס א פּראָצעס וואָס שפּילט זיך אָפּ אונטער די מענשען־פריינדליכסטע באציהונגען און אונטער פרידליכע געאָרדענטע קולטור־פּאָליטישע באדינגונגען.

ארויסגעהענדיג פון דעם דאָזיגען גראַנדיעזען שטאַנדפּונקט, באטראַכט הערצל דעם יודענשטאאט־פּלאַן. עס איז ניט קיין פראַגע פון ארץ־ישראל, עס איז א פראַגע פון גאַנץ אזיען, פון גאַנצען מזרח. עס איז כאראקטעריסטיש פאַר הערצל'ס אידעען־גאַנג, וואָס אין גרונד גענומען שפּילט ביי איהם ארץ־ישראל אלס געאָגראַ־פישער באגריף א פאַרהעלטניסמעסיג אונבאדייטענדע ראָלע. דער פּאטריאָטישער מאָמענט איז ביי איהם ניט די הויפּט־זאַך, איהם אינטערעסירט דער גאַנצער פאַר־נעם, די עפענונג פון גאַנץ אזיען פאַר דער וועסט־אייראָפּעאישער ציוויליזאציאָן. און די אידען האָבען גאָרניט וואָס מורא צו האָבען צו בלייבען אליין און פאַר־איינזאַמט אין דעם דראַנג צו מזרח. „ענגלאַנד דאָס גרויסע, ענגלאַנד דאָס פרייע, ענגלאַנד וואָס בליקט איבער אלע ימים, וועט אונז און אונזערע באשטרעבונגען פאַרשטעהן. פון דאַנען אויס וועט די ציוניסטישע אידעע נעמען איהר פליה־קראַפט ווייטער און העכער. מיר קענען דערין זיין גאַנץ זיכער". „דאָס אזיאטישע פּראָבלעם ווערט ערנסטער פון טאָג צו טאָג און איך האָב מורא אז א צייט־לאַנג וועט עס אויך זיין גאַנץ בלוטיג. די קולטור־פעלקער זיינען דערפאַר פאראינטערע־סירט, אז אויף דעם קירצסטען וועג קיין אזיען זאָל באשאַפען ווערען א קולטור־צענטער, וואָס זאָל זיין א נוצען פאַר אלע ציוויליזירטע מענשען. דער דאָזיגער צענטער איז ארץ־ישראל און די קולטור־טרעגער, וועלכע זיינען גרייט צו אָפּפערען פאַר דעם צוועק בלוט און גוטס, דאָס זיינען מיר. אלע פּאָליטישע מוחות מוזען דאָס בליץ־שנעל באגרייפען. פאַר די אידען וואָלט עס געווען א הילף, אָבער אלע וואָלטען דערפון געהאַט א טובה". אזעלכע נביאישע רייד האָט הערצל אויס־גערופען אויף דעם פערטען ציוניסטען־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, ווערטער וועמעס גייסט און אידעען עס לעבען און ווירקען אין „יודענשטאאט". דאָס זיינען אונ־מעגליכקייטען, פאַנטאזיעס? געוויס, בעת מען איז געפאָהרען אין דעליזשאַנס האָט מען די אייזענבאַהן־אידעע געהאַלטען פאַר אַן אונמעגליכקייט און א פאַנ־טאזיע. קוים אָבער שטעלט מען זיך אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אז דער דעליזשאַנס איז ניט דאָס לעצטע וואָרט פון טעכניק און פּראָגרעס — דאַן איז עס, פאַרשטעהט זיך, גאַנץ אנדערש.

מיר באאָבאַכטען דאָ אַן אנדער כאראקטעריסטישען מאָמענט אין הערצל'ס

אידעען־וועלט, זיין אונענדליכע אמונה אין דעם טעכנישען פראגרעס און אין דער מעכנישער ערפינדונגס־קראפט פון די קומענדע דורות. דער העכסטער פראגרעס פון טעכניק און וויסענשאפט איז ביי איהם כמעט די פאראויסזעצונג פאר דער פארווירקליכונג פון דער אידישער מדינה. גראף גודענהאווע, דער גייסטרייכער פארפאסער פון בוך „דאס וועזען פון אנטיסעמיטיזם”, וואס איז ערשינען אין די אנפאנגס־יאהרען פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט, זאגט ארויס זיין איבערציינונג אז „ווען די וועלט פון טעכניק וועט זיין אזוי וויים פארטגעשריטען אז מען וועט זיך קענען פריי באנוצען מיט עראפלאנען וועט אויך דער גייסטיג־סאציאלער פראגרעס פון דער געזעלשאפט זיין אזוי וויים ענטוויקעלט, אז עס וועט ניט זיין קיין פלאץ פאר דעם אנטיסעמיטיזם”. דער נאבעלער גראף איז געבליבען א פאלשער נביא. הערצל איז אויך א גרויסער מאמין אין דער צוקונפט פון אעראפלאנען, אבער ער פארטרעט די אנשויאונג אז דער גייסטיגער אנטוויקלונגס־פראצעס פון דער היינטיגער ציוויליזירטער געזעלשאפט געהט ניט פאראלעל מיט דער גיכקייט פון דער טעכנישער אנטוויקלונג. אויב מיר אידען, מיינט ער, זאלען ווארטען ביז יענער גליקליכער מאמענט וועט קומען — און ער גלויבט אז דער מאמענט וועט אמאל קומען — דאן קען עס אבער פאסירען אז דער מאמענט וועט אונז ניט מעהר אנטרעפען ביים לעבען. אין דער צווישען־צייט וועט מען אונז פארניכטען. דערפאר גלויבט הערצל אז עס איז פיל פראקטישער זיך צו באנוצען מיט די אעראפלאנען כדי צו דערמעגליכען די אומגליקליכע אידען וואס גיכער און וואס באקוועמער אריבערצופליהען אין זייער אייגען פריי לאנד.

דער פארפאסער פון „יודענשטאאט” איז א קלאסישער אידעאליסט, א טיפער אנהענגער און מאמין אין דער מאכט פון די אידעאל־ראמאנטישע מאטיווען אין אינדיווידועלען און נאציאנאלען לעבען. זיין אידעאליזם געהט אבער גלייכצייטיג האנט אין האנט מיט א מערקווירדיג אויסגעשפראכענעם זין פאר פראקטישקייט און רעאליטעט. ער זעהט די אידען־נויט, די טראגעדיע פון די פארצווייפעלטע, היימלאזע אידישע פאלקס־מאסען, אבער דער דאזיגער פאקט אליין מאכט איהם נאך ניט פאר קיין ציוניסט. ער ווערט ערשט א ציוניסט דורך דעם פאקט וואס ער זעהט דאס הילפס־מיטעל, ניט אויסגעטראכט, ניט קיין וויים־לויפיגער פלאן, נאר א לעבעדיגע רעאליטעט. ער זעהט דעם גרויסען מעכטיגען אריענט, דעם נאהנטען מזרח, וואס ווארט אויף מענשען און אויפלעבונג. זיין פרימיטיווע לאגיק זאגט איהם אז דא ליגט דאס פראבלעם און די לייזונג — דאס לאנד אהן א פאלק און דאס פאלק אהן א לאנד. פון דעם מאמענט אן הויבט זיך אן אין הערצל'ס וועלט־אנשויאונג צו אנטוויקלען א געדאנק וואס קען מיט רעכט אנגערופען ווערען א „פיאנער־אידעע”, ניט נאר אין דער אידישער געדאנקען־וועלט נאר אויך אין דער וועלט פון דער אינטערנאציאנאלער פאליטיק. דאס איז דער געדאנק אז דעם אריענט קען מען ערא‌בערען אין פרידען און נאר אין פרידען. א שוואך און אומגליקליך פאלק ווי דאס אידישע מוז דאך ביי אזא אונטערנעמונג אפריארי ארויסגעהן פון דער איין־איינציגער מעגליכקייט, אז עס האט ניט קיין אנדער וועג ווי פרידען און

פרידליכע ציוויליזאַציאָנס־ארבייט. דער ציוניזם ווערט דאָ באשאפען אלס א געגענ־זאַץ צום פארגוואלטיגענדען אימפעריאליזם. טאטזעכליך איז הערצל געווען דער ערשטער פּאָליטיקער וואָס האָט באוואויזען די גרויס־מעכטע צו באטראכטען די מזרח־פראגע צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע ניט נאָר פון א מיליטערישען „מוז" און קריגערישען פארניכטונגס־צוג. א גייסטיגער אימפעריאליזם, א מענשען־פריינדליכער גייסטיגער עראָבערונגס־צוג צו וועלכען אפשר נאָר דאָס אידישע פאָלק אליין איז פעהיג, איז באשאפען געוואָרען און איז צום ערשטען מאָל אריינגעדרונגען אין דער אלטער אימפעריאליסטישער פּאָליטיק. דערמיט איז צוגלייך געמאכט געוואָרען א מערקווירדיגע אָפּווענדונג פון דעם אלטען נאציאָנאליסטישען געדאנק, דער שאָוויניסטיש־רעאקציאָנערער ראָמאנטיק און עס איז געמאכט געוואָרען דער פארזוך צו שאפען א העכערען נאציאָנאליזם. זעהען מיר ניט איצט שוין פאר אונזערע אויגען די אָנהויבען פון דער דאָזיגער פארווירקליכונג? די גרויסע אידישע אויפטואונגען אויף דעם געביט פון טעכניק און אגריקולטור אין ארץ־ישראל זיינען צום גרעסטען טייל דערפאר דערמעגליכט געוואָרען ווייל די אראבישע באפעלקערונג האָט ביסלאכווייז דערפיהלט און דערקענט די אמת'ע פרידענס־טענדענץ פון די ציוניסטישע באשטרעבונגען. שוין זעהען מיר די פרידליכע אינוואזיאָן פון דער אידישער אויפבוי־ארבייט אריינדרינגען אין טראנסיאָרדאניען און אין דער פּאָלי־טישער וועלט ווערט ערנסט דערפון גערעדט אז די צייט איז געקומען צו געבען די אידען א מעגליכקייט צו אנטוויקלען זייער אקטיוויטעט אויך אין סיריען.

די דאָזיגע גלייכטייליגע איינשעצונג פון אידעאליסטישען און פראקטישען מאָמענט האָט אינגאנצען ארויפגעלעגט איהר שטעמפּעל אויף הערצל'ס באציהונג צו דער „יודען־נויט". מען האָט הערצל'ען אָפט געמאכט דעם פאָרוואורף אז זיין ציוניסטישער מאָטיוו האָט ניט זיין אור־קוואל אין דער נאציאָנאלער אידעע, נאָר אז ער איז א רעזולטאט פון דעם אנטיסעמיטיזם און דער אידען־פארפאָלגונג. הערצל זעהט פאראויס די דאָזיגע קריטיק, אָבער זי אַרט איהם ניט. דער נאציאָ־נאלער מאָמענט פארנעמט אין זיין פּלאַן נאָר די צווייטע שטופע און ער איז גאָרניט אַזא מאמין אין דער גערעכטיגקייט און אלמאכט פון דער נאציאָנאליסטישער אידעע. די גרעסטע טרייב־קראפט זעהט ער אין דער „יודען־נויט" און ער שעמט זיך גאָרניט מיט דעם דאָזיגען דיאגנאָז. פארקערט, ער זעהט אין דעם דאָזיגען פּיין די איינציגע גאראנטיע וואָס קען צווינגען די אידישע מאסען צו מאכען א פּרוב צו „פליהען". אָהן „א ביסעלע פארצווייפלונג איז איבערהויפּט שווער עטוואָס גרויסעס אויפצוטאָן". דערצו האָט הערצל נאָך פאראויסגעזעהן אז די אידישע ליידען האָבען נאָך ניט דערגרייכט זייער העכסטען פּונקט. אין דעם קליינעם אונבאדייטענדען פּאָגראָם אין קישינעוו מיט די עטליכע צעהנדליג אידישע קרבנות האָט ער מיט 23 יאָהר צוריק געזעהן די ערשטע פאָרלויפער פון צוקינפטיגע גרויסע אידישע שחיטות אין גאנץ מזרח־איירופּא. הערצל האָט זיך גאָרניט געשעמט די דאָזיגע מורא עפענטליך צו פּראָקלאמירען און טאקע צוליב די דאָזיגע מעגליכקייטען האָט ער זיך ערקלערט גרייט אויך אָנצונעמען אוגאנדא. אין קאמף צווישען דער

ראָמאַנטיק און פּראַקטישקייט האָט זיך הערצל גלייך געשטעלט אויף דער זייט פֿון דער לעצטער. זיין דערקענטניש פֿון דער אידען־נויט האָט איהם מיט אַ לאָגישער קאָנזעקווענץ געזאָגט אַז דאָס איז דער אַנטשיידענדער מאָמענט אין דער מאָדערנער אידישער געשיכטע. „די אידען־נויט איז די גרעסטע וואונדער־קראַפט וואָס וועט טרייבען די מאַסען אין דאָס נייע לאַנד" און וועט זיי צווינגען צו די גרעסטע קרבנות. ווער וועט היינט לייקענען אַז אין דער דאָזיגער ווייט־זעהענדער אויפפאַסונג פֿון דער אידען־פֿראַגע האָט זיך הערצל, אויף אַזאַ שמערצליכען אופן ארויסגעוויזען גערעכט?"

פֿון די אייזערנע געזעצען פֿון דער אידען־נויט שעפּט הערצל אויך זיין זעלבסט־זיכערהייט בנוגע זיינע געגנער פֿון רעכטס און לינקס. ער איז אַזוי איבערצייגט אַז מיט יעדען טאָג וועט דאָס לעבען אַליין זיי אַלעמען מוזען טרייבען צו דערזעלבער דערקענטניש אַז אייגענטליך האָט ער עס געהאַלטען פאַר אַן איבעריגער זאַך אָנ־צופֿיהרען אַן אָרגאַניזירטען קאַמף געגען זיי. וועלען די אידען אין דעם סאָציאַלען קאַמף, וועלכען ער האָט שוין דעמאָלט פֿאָראויסגעזאָגט, מאַכען אַ יד־אחת מיט דעם קאַפּיטאַליזם, איז דאָך זייער אונטערגאַנג געוויס אונפֿאַרמיידליך. זייערע שונאים וועלען אין זיי ערבליקען די געפֿעהרליכסטע פּאַרטרעטער פֿון „גאָלדענעם אינטער־נאַציאָנאַל". וועלען זיי זיך אַנשליסען צו דער אַרמעע פֿון די רעוואָלוציאָנערען און צושטערער פֿון דער היינטיגער אָרדנונג, דאַן וועלען זיי אונפֿאַרמיידליך מוזען „צוקוועטשט ווערען צווישען די רעדער". וועלען זיי פאַרזוכען צו באַהויפּטען זייער עקזיסטענץ אַלס אַ מיטעלשטאַנדס־עלעמענט — דאַן מאַכען זיי דעם חשבון אָהן דעם בעל־הבית. עס הויבט זיך איצט שוין אָן צו אַנטוויקלען אַ קריסטליכע עקאָנאָ־מישע מיטעלשטאַנדס־געזעלשאַפט וואָס איז אפשר דער ערגסטער און געפֿעהר־ליכסטער שונא וואָס דאָס אידישע פֿאָלק האָט געזעהן פאַר די לעצטע יאָהר־הונדערטען. זעהען מיר דען ניט אין הערצל'ס באַאורטיילונג פֿון דער לאַגע אַן ערשיטערענדעס בילד פֿון דער געגענוואַרט, פֿון אונזער רעאַלער איצטיגער צייט? האָבען די בלוטיגע מלחמה־יאָהרען ניט באַשטעטיגט אויף אַ שוידערליכען אופן די דאָזיגע מערקווירדיגע קלאַסיפֿיצירונג פֿון די געשעהענישען? דער טיף־בליקענדער פֿאַרפֿאַסער פֿון „יודענשטאַאַט" האָט שוין דערפֿאַר דעמאָלט געקענט ערקלערען: „איך בין ניט קיין נביא און ניט קיין זוהן פֿון קיין נביא, אָבער איך בין איבער־צייגט אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען אַלע טיילען פֿון אידישען פֿאָלק אָהן אונטער־שייד וועלען אַנערקענען די ריכטיגקייט פֿון מיין פּלאַן". אפשר קענען מיר שעפּען טרייסט פֿון דעם פֿאַקט אַז אויך די דאָזיגע אָפּטימיסטישע פֿאָראויסזעהונג הויבט זיך אָן צו פֿאַרווירקליכען פֿאַר אונזערע אויגען.

**2.**

אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור האָט מען ווידערהאָלט באַהויפּטעט, אַז אין גרונד גענומען האָט הערצל גאָרניט אַריינגעטראָגען קיין נייע אידעע אין דער אידישער גע־דאַנקען־וועלט. איז די באַשטרעבונג פֿון שיבת ציון אַ נייער געדאַנק? יעדעס בלאַט פֿון דער אידישער היסטאָריע זאָגט עדות, אַז קיינמאָל האָט זיך דאָס אידישע פֿאָלק ניט

אָפּגעזאָגט פון דער האָפנונג זיך צוריקצוקערן אין דאָס לאַנד פון די אָבות. אפילו די מלוכה אידעע — דער גרונד־געדאַנק פון יודענשטאַאַט — איז אויך ניט קיין נייע אַנטדעקונג אין דער מאָדערנער אידישער געשיכטע. מאָזעס העס האָט עפנטליך געפּרעדיגט די צוריקשטעלונג פון דער אידישער מלוכה. פּינסקער און סמאָלענסקין זיינען געוואָרען אמת'ע רופער און וועקער פון דעם דאָזיגען געדאַנק. אפילו די „חובבי ציון", האָט מען געזאָגט, וועלכע האָבען נאָר גערעדט פון קליינע ארבייטען, האָבען אין די באַהעלטענישען פון זייער נשמה געטראָגען די שטילע האָפנונג און פּאַרבאָרגענע אמונה אין דער אויפלעבונג פון דער אידישער מלוכה־אידעע. אין די דאָזיגע באַמערקונגען ליגט געוויס אַ גרויס שטיק אמת, מען פאַרגעסט אָבער, אַז הערצל'ס גרויסקייט ליגט ניט אין דער באַשאַפונג פון דער מלוכה־אידעע, נאָר אין דעם, וואָס ער האָט די אידישע שטאַאַטס־אידעע, וואָס איז דאָך שוין געווען אַן אָפּ־געשטאָרבענע אידעע, ניט נאָר אויף ס'ניי באַלעבט, נאָר ער האָט זי אויך דערהויבען צו אַן אַקטועלער שטורם־און דראַנג פּאָדערונג צווישען גרויסע מאַסען פון אידישען פאָלק. הערצל האָט אַנטדעקט און אָנגערופען דעם סוד: דאָס פּענאָמען פון דער מאַסע! דער אַלטער אידישער באַגריף, וואָס איז מחייב אַ אידען צו מאַכען אַ ברכה דערזעהענדיג דעם ערשטען מאָל אַ גוואַלדיגע מענשען־מאַסע, די ברכה פון ברוך חכם הרזים, אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער באַגריף וואָס איז שוין אין גאַנצען געווען פאַר־שוואונדען פון דער אידישער לעבענס־השגה, דעם דאָזיגען באַגריף האָט הערצל אויף ס'ניי אַנטדעקט און אויף ס'ניי באַלעבט. דאָס געהיימניס פון דער מאַסען־קראַפט, דער סוד פון דער נאַציאָן, דאָס איז די גרעסטע וואונדערבאַרסטע אַנטדעקונג פון הערצל'ס יודענשטאַאַט. די מאַסע קען אַלץ, ווען זי זאָל נאָר דערקענען איהר קראַפט. די דאָזיגע קראַפט האָט דאָס אידישע פאָלק שוין לאַנג פאַרלאָרען. דער גלות האָט אַרויפגעלעגט זיין אָפּטויטענדיגען שטעמפּעל ניט נאָר אויף דער פיזישער מאַכט פון דער נאַציאָן, נאָר אויך גייסטיג האָט ער זי צוזייעט און צושפּרייט און כמעט אויף אייביג פאַרניכטעט יענעם געהיימניספולען זעלבסטבאוואוסטזיין פון אַ גראַנדיעזער, אָרגאַניזירטער, זיך־זעלבסט־באַפרייענדער פאָלקס־מאַסע. עס איז ניט געווען גענוג צו פּרעדיגען און צו זאָגען שירה אויף דעם מלוכה־געדאַנק. מען האָט צוערשט גע־דאַרפט שאַפען אַ געגען־גיפט פאַר דער אַטראָפּירענדער גלות־פּסיכאָלאָגיע. הערצל האָט דאָס וואונדער פאַרווירקליכט. ער האָט אויסגעפונען דעם שליסעל צו יענעם געהיימניספולען אוצר און האָט דעם שליסעל געגעבען אין דער האַנט פון דעם אידישען פאָלק.

בעת ער האָט געשריבען דעם „יודענשטאַאַט", איז הערצל געווען אין גאַנצען אונבאַקאַנט מיט פּינסקער'ס בוך „אויטאָעמאַנציפּאַנציאָן" און מיט דער גאַנצער אידעאָלאָגיע פון דער חובבי־ציוניסטישער באַוועגונג. אפשר דאַרפען מיר דאַנקבאַר זיין דעם שיקזאַל פאַר דעם פאַקט פון דער דאָזיגער אונבאַקאַנטשאַפט. שפּעטער האָט הערצל אַליין ערקלערט, אַז ווען ער וואָלט וויסען פון דער עקזיסטענץ פון פּינסקער'ס שריפט, וואָלט ער דעם „יודענשטאַאַט" קיינמאָל ניט פאַרעפענטליכט. אין אמת'ן אָבער איז דאָס נאָר אַן אויסדרוק פון הערצל'ס פּערזענליכער צוריקגעצויגענקייט און

גייסטיגער עניוות. אפילו ווען ער וואָלט יאָ געווען באַקאַנט מיט דעם בוך, וואָס האָט געלעגט דעם גרונד־שטיין פאַר דער חובבי־ציוניסטישער באַוועגונג, וואָלט ער זיך אויך ניט געקענט באַפרייען פון צוואַנג אָנצושרייבען און צו פאַרעפענטליכען זיין „יודענשטאאט", פון וועלכען ער דערצעהלט, אז בעת ער האָט איהם געשריבען, האָט ער געפיהלט ווי „די געדאַנקען קלאַפּען און באַוועגען זיך איבער זיין קאָפּ ווי אַ רעגען־שירם". איז דאָך הערצל געווען גענוי באַקאַנט מיט דזשאָרדזש עליאָט'ס „דניאל דעראָנדאַ", מיט ביקאָנספּיעלד'ס „דוד אלראי" און „טאַנקרעד" — און דאָך האָבען איהם די דאָזיגע ווערק ניט נאָר ניט אָפּגעהאַלטען פון זיין אייגענעם פּראָיעקט, נאָר פאַרקערט, זיי האָבען איהם ערשט באַוויזען, ווי נויטיג עס איז צו קומען צו דער וועלט מיט זיין אייגענעם רוף. עס איז אמת, אז אויך פריהער איז דער גרונד־שטריך געווען די אידישע מלוכה־אידעע, אָבער גלייכצייטיג איז דער פונק פון דעם דאָזיגען גרונד־שטריך געווען דאָס אַמאָליגע, די אור־אַלטע ראָמאַנטיק, די לעגענדע. מען האָט געטרעדט און גע'חלומ'ט פון דער אידישער מלוכה ווי מען דערקוויקט קינדערשע נשמות מיט שעהנע בייקעס און וואונדערליכע מעשיות. הערצל האָט דעם דאָזיגען מאָמענט, דאָס לעגענדאַרישע, איינפאַך באַזייטיגט. קוקט ניט אויף דאָס אַמאָליגע, נעמט זיך צו דער רעאַליטעט וואָס ליגט אונבאַמערקט פאַר אייערע אויגען, פאַרבינדט אייער גורל מיט דעם פענאָמען פון דער מאַסע! די דאָזיגע מאַסע דאַרף נאָר וועלען. „ווען איהר ווילט, איז עס ניט קיין לעגענדע!" צווישען ביקאָנספּיעלד, העס און פּינסקער פון איין זייט און טהעאָדאָר הערצל פון דער אַנדער זייט, איז דער אונטערשיד אַזוי גרויס ווי צווישען ראָמאַנטיק און רעאַליטעט, ווי צווישען לעגענדע און ווירקליכקייט.

אין דעם דאָזיגען ליכט דאַרפען מיר באַטראַכטען די אַנטוויקלונג פון אידיש־נאַציאָנאַלען געדאַנק, אויב מיר ווילען באַקומען אַ ריכטיגען באַגריף פון די פאָרמען און ריכט־ליניען, וואָס דאָס אידישע פאָלקס־לעבען האָט אָנגענומען אין פאַרלויף פון די לעצטע דרייסיג יאָהר. אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען, און קומט נאָך היינט צו־טאָג פאַר, אין דער אידישער אויפלעבונגס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל און אין די גלות־לענדער, קומט פאַר ניט אין ליכט פון דער לעגענדע און ראָמאַנטיק, וואָס האָט באַהערשט די אידישע אידעען־וועלט ביז הערצל'ס ערשיינען, נאָר אין ליכט פון דער ווירקליכקייט און ווילענס־קראַפט, וואָס הערצל האָט אַריינגעוואָרפען אין דער אידישער גאַס. אין דעם ליכט וועלען מיר ערשט דערקענען די גרויסקייט פון דער אויפגאַבע. נאָך איז דער פענאָמען פון דער מאַסע אונז ניט איז גאַנצען אַנטפּלעקט, נאָר ראַנגלען זיך פאַרצווייפעלט די כחות כדי צו דערוועקען יענעם סודות'דיגען, באַהאַלטענעם ענערגישען ווילען, וואָס וועט פאַרווירקליכען דאָס וואונדער. מיר בענשען און זיינען מתפלל צום חכם הרזים, אָבער דער נס איז נאָך ניט געשעהן. הערצל האָט דאָס געוואוסט און פאָראויסגעזעהן. ער האָט אָנגערופען זיין פּראָיעקט אַ „גיגאַנטישע אונטערנעמונג", וועלכע וועט פייערען איהר נצחון ערשט נאָך אַ סך יאָהרען, וואָס פאַרלאַנגט פאַר איהר דערגרייכונג, אפשר גאַנצע דורות. אָבער בּיסלאַכוויז פאַרווירקליכט זיך דער נס. די גאַנצע וועלט זעהט דאָס. צעהנדליגער

## יודענשטאאט

טויזענטער אידען בויען מיט זייער בלוט און שוויים דעם שווערען בנין און הינטער זיי שטעהען וויטערע גרויסע פאלקס־מאסען מיט אן אונבאזיגבארען ווילען. דאס פענאמען פון דער מאסע לאזט זיך ניט גיך אויפרודערען, אבער שוין הערען מיר איהרע שטארקע שריט און איהר אונפארמיידליכען אויפברוך. וואלט הערצל היינט נאך ארומגעגאנגען צווישען אונז און וואלט באאבאכטען די פארמען און אנטוויקלונגס־ליניען פון זיין מערקווירדיגען, איבערמענשליכען ווערק, וואלט ער קענען ווידער־האלען זיין אלטען גרויסען אמת, נאר מיט איין קליינער ענדערונג: אפילו ווען איהר ווילט ניט, איז דאס איצט ניט מעהר קיין לעגענדע.

עס איז די פריווילעגיע פון דער דאזיגער איבערזעצונג, וואס צום דרייסיג יעהרי־גען היסטארישען יובילעאום פון פאליטישען ציוניזם ברענגט זי אריין צוריק אויפ'ן ביכערמארק דעם „יודענשטאאט” אין אידיש. מערקווירדיגער ווייזע איז הערצל'ס מייסטערווערק אין אידיש שוין זייט יאהרען ניט צו באקומען. עס איז אויך א פראגע אויב א גוטע אידישע איבערזעצונג פונ'ם בוך האט ווען עס איז עקזיסטירט. אין די ערשטע יאהרען זיינען געמאכט געווארען אין דער ריכטונג עטליכע פארזוכען וואס האבען זיך אבער ארויסגעוויזען פאר ניט גענוגענד. עטליכע פרואווען ארויסצוגעבען דעם „יודענשטאאט” אין געקירצטע אויסצוגען האבען געהאט א ווערט נאר פאר צייטווייליגע צוועקען פון פראפאגאנדא און אויפקלערונג, און האבען ניט געקענט באפרידיגען דאס באדערפניש נאך א פאסיגער אידישער פולשטענדיגער איבערזעצונג. דער איבערזעצער גלויבט, אז מיט דער איצטיגער פארעפענטליכונג איז דאס פיהל־בארע באדערפניש באפרידיגט געווארען. גראד צוליב דער פילאלאגישער נאהענט־קייט פון אידיש און דייטש איז עס די באזונדערע אויפגאבע פון אן איבערזעצונג איבערצוגעבען דעם אריגינאל ניט נאר אין ווארט נאר אויך אין גייסט און עס איז די האפנונג פון דעם איבערזעצער אז אזוי ווייט ווי מעגליך איז די אויפגאבע דערפילט געווארען.

ניו יארק, טבת תרפ"ו.

# יודענשטאַאַט

## אינהאַלטס-פאַרצייכניס:

# הקדמה

דער געדאַנק, וועלכען איך אנטוויקעל אין דער דאָזיגער שריפט, איז זעהר אַן אַלטער. עס האַנדעלט זיך מכח דעם צוריק־אויפבוי פון דער אידישער מדינה. שנאה־אויסרופען געגען די אידען פאַרהילכען די וועלט, און דאָס וועקט אויף דעם איינגעשלאָפענעם געדאַנק.

איך טראַכט קיין שום זאַך ניט אויס. דאָס מוז מען קודם כל האָבען קלאָר אין זינען בנוגע יעדען פונקט פון מיינע ערקלערונגען. ניט איך טראַכט אויס דעם צושטאַנד פון די אידען, ווי ער האָט זיך היסטאָריש אנטוויקעלט, און ניט איך טראַכט אויס די הילפס־מיטלען דערצו. אין אמת׳ן עקזיסטירען שוין אין דער ווירקליכקייט די מאַטעריעלע יסודות פון מיין געפּלאַנטען בנין; מען קען זיי פּשוט אָנטאַפּען מיט די הענט. יעדערער קען זיך דערפון איבערצייגען. ווייל מען דערפאַר דעם דאָזיגען פּרואוו צו לייזען די אידען־פראַגע כאַראַקטעריזירען מיט איין־איינציגען וואָרט, טאָר מען איהם ניט אָנרופען „פאַנטאַזיע", נאָר העכסטענס „קאָמבינאַציע".

צוערשט וויל איך פאַרטיידיגען מיין פּלאַן אנטקעגען דעם פאַרזוך איהם צו באַהאַנדלען ווי אַן אוטאָפּיע. אין גרונט גענומען היט איך דערמיט נאָר אָפּ די אויבערפלעכליכע באַאורטיילער פון אַ נאַרישען שריט. נאָך אַלעמען איז עס אויך ניט קיין בזיון צו שרייבען אַ מענשען־פריינדליכע אוטאָפּיע. איך וואָלט געוויס געקענט האָבען אַ פיל לייכטערען ליטעראַרישען ערפאָלג, ווען איך זאָל דעם דאָזיגען פּלאַן געבען צו מיינע לעזער אין דער פאָרם פון אַ ראָמאַן, וואו איך וואָלט געקענט אַפּקומען מיט ווייניגער פאַראַנטוואָרטליכקייט. דאָס איז אָבער גאָרניט אַזאַ לייכטע און אנגענעמע אוטאָפּיע, ווי פון דעם סאָרט וואס מען האָט פּראָדוצירט פאַר טאָמאַס מאָאָר׳ן און נאָך איהם. לויט מיין מיינונג, איז די לאַגע פון די אידען אין פאַר־שיידענע לענדער אַ צו טרויעריגע כדי אויסצונוצען זי אַלס אַ טעמא פאַר לייכטער אונטערהאַלטענדער ליטעראַטור.

כדי קלאָר צו מאַכען דעם חלוק צווישען מיין פּלאַן און אַן אוטאָפּיע, קלייב איך אויס אַלס ביישפּיל אַן אינטערעסאַנטעם בוך פון דער לעצטער צייט: „פריי־לאַנד", פון דר. טעאָדאָר הערטצקאַ. דאָס איז אַ געדאַנקען־רייכע פאַנטאַסטיק, אויסגעטראַכט פון אַ דורכאויס מאָדערנעם, נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיש געבילדעטען אינטעלעקט, און איז אַזוי ווייט פון דער ווירקליכקייט ווי דער הויכער עקוואַטאָר־באַרג, וואו עס געפינט זיך כלומר׳שט דער דאָזיגער חלום־שטאַאט. „פריילאַנד" איז אַ קאָמפּליצירטע מאַשינעריע מיט אַ סך ציינער און רעדער וואָס פּאַסען זיך אפילו אריין איינס אין דאָס אַנדערע, אָבער קיין שום זאַך באַווייזט מיר ניט אַז די דאָזיגע מאַשינעריע קען געבראַכט ווערען אין באַוועגונג. אפילו ווען איך זאָל זעהן, אַז עס גרינדען זיך „פריילאַנד"־פאַראיינען, וועל איך דאָס האַלטען פאַר אַ שפּילעריי.

מיין פּראָיעקט, להיפּוך, שטיצט זיך אויף אַ טרייב־קראַפט, וואָס קומט באמת פאַר אין דער ווירקליכקייט. אַז עס זיינען פאַראַן ציינער און רעדער, באַטאָן איך נאָר פאַרבייגעהענדיג, וויסענדיג אַז מיינע כחות זיינען ניט אויסרייכענד פאַר דער אויספיהרונג פון ווערק און האָבענדיג דעם צוטרוי אַז שפּעטער וועלען זיך אָפּזוכען אויספיהרענדע מעכאַניקער, בעסערע ווי איך.

דער עיקר איז דאָ די טרייבענדע קראַפט. און וואָס איז די דאָזיגע קראַפט? די אידישע נויט.

ווער אימיצער וואַגען אָפּצולייקענען, אַז די דאָזיגע קראַפט איז פאַראַן? מיר וועלען זיך דערפאַר דאָ באַשעפטיגען מיט די סבות פון אַנטיסעמעטיזם.

נעמט די דאַמף־קראַפט פון קאָכעדיג וואַסער אין אַ טיי־קעסעל, ווי זי הויבט דעם דעקעל. די פּאַלעסטינא פריינדליכע פאַרזוכען און אַלע אַנדערע פאַרשיידענע פאַראיינען, וואָס ווערען גענרינדעט מיט'ן צוועק צו „באַקעמפען דעם אַנטיסעמי־טיזם”, גיבען אונז אַ בילד פון דעם דאָזיגען טיי־קעסעל.

קום איך אָבער און זאָג, אַז די דאָזיגע קראַפט, די זעלבסט־וועהר געגען אַנטי־סעמיטיזם, ווען מען זאָל זי ריכטיג פּאַרווענדען, איז מעכטיג גענוג צו טרייבען אַ גרויסע מאַשין און צו טראַנספּאָרטירען מחנות מענשען און גאַנצע אוצרות. ווי אַזוי די מאַשין זעהט אויס, איז אַלץ איינס.

איך בין טיף אין הארצען איבערצייגט, אַז איך בין גערעכט. איך ווייס נאָר ניט אויב איך וועל זיך ארויסווייזען פאַר גערעכט אין דער צייט פון מיין לעבען. עס איז שווער צו ערוואַרטען, אַז די וואָס וועלען אָנהויבען די דאָזיגע באַוועגונג וועלען נאָך דערלעבען איהר רוהמפולע פאַרווירקליכונג, אָבער די טאַטזאַך אַליין אַז זיי האָבען די זאַך אָנגעהויבען טראָגט אריין אין זייער באַוואוסטזיין אַ געפיהל פון אַ טיפען שטאָלץ און דאָס גליק פון אַ זעעלישער באַפרייאונג.

כדי ניט צו דערלאָזען, אַז געגען מיין פּלאַן זאָל געמאַכט ווערען דער פאָרוואורף פון אַן אוטאָפּיע, וויל איך זיין שפּאָרעוודיג אין שילדערן די אָנציהענדע איינצעל־הייטען. איך בין שוין אַזוי אויך זיך משער, אַז געדאַנקענלאָזע לצים וועלען פּרובירען אָפּשוואַכען די גאַנצע אידעע, פאַרשפּרייטענדיג פאַרקריפּעלטע בילדער פון מיין פּלאַן. איינער אַ איד, אַגב ניט קיין נאַר, וועמען איך האָב באַקאַנט געמאַכט מיט דעם פּראָיעקט, האָט מיר געזאָגט: „גראָד די איינצעלהייט וואָס ווערט געשילדערט אַלס די צוקינפטיגע ווירקליכקייט איז דער צייכען פון אַן אוטאָפּיע”. דאָס איז פאַלש. יעדער פינאַנץ־מיניסטער קאַלקולירט אין זיין מלוכה־בודזשעט מיט צוקינפטיגע ציפערען און ניט דוקא מיט ציפערען פון פריהערדיגע דורכשניטס־יאָהרען אָדער פון אַנדערע אַמאָליגע הכנסות וואָס אַנדערע לענדער האָבען געהאַט;

ער קאַלקולירט אויך מיט אַזעלכע ציפערען, וואָס האָבען נאָך ניט קיין פאַרגאַנגענהייט, ווי, למשל, ביי דער איינפיהרונג פון אַ נייער שטייער־אַפּצאָהלונג. ווען מען האַלטען אַ פינאַנץ־געזעץ־פּראָיעקט פאַר אַן אוטאָפּיע אַפילו ווען מען וויים אַז דער פאָרגעשלאָגענער ערוואַרטעטער סך־הכל וועט קיינמאָל ניט גאַנץ און פאָלשטענדיג דערגרייכט ווערען?

איך האָב אָבער צו מיינע לעזער נאָך גרעסערע פאָדערונגען. איך פאַרלאַנג פון די געבילדעטע, צו וועלכע איך ווענד זיך, אַז זיי זאָלען איבערדענקען און אומלערנען מאַנכע אַלטע השגות און באַגריפען. גראָד פון די בעסטע אידען, וואָס האָבען זיך ענערגיש אָפּגעגעבען מיט דער לייזונג פון דער אידען־פּראַגע, ערוואַרט איך, אַז זיי וועלען האָבען דעם מוט אָנצוערקענען אַלע זייערע ביז־איצטיגע פאַרזוכען אַלס דורכגעפאַלען און אומווירקזאַם.

פאַר איין זאַך האָב איך מורא ביי דער שילדערונג פון מיין פּלאַן. ווען איך רייד מיט צוריקגעצויגענקייט און רעזערווירטקייט וועגען אַלע די זאַכען וואָס ליגען אין דער צוקונפט, קען עס מאַכען דעם איינדרוק, אַז איך אַליין גלויב שוואַך אין זייער פאַרווירקליכונגס־מעגליכקייט. ערקלער איך אָבער די פאַרווירקליכונג פון אַלע די דאָזיגע זאַכען פאַר אבסאָלוט געזיכערט, קען אַלץ אפשר פאָרקומען ווי עפּעס אַ משוגע'נער איינפאַל.

דערפאַר ערקלער איך דייטליך און אַנטשיידען: איך גלויב אין דער אויספיהרבאַרקייט פון דעם פּלאַן, אָבוואָהל איך וואָג ניט צו באַהויפּטען, אַז איך האָב שוין געפונען די ענדליכע פאָרם פאַר דעם געדאַנק. די אידישע מדינה איז אַ וועלט־באַדערפניש, דערפאַר וועט זי געשאַפען ווערען.

געפיהרט פון אַן איינצעלנער פערזאָן, וואָלט דאָס געווען אַ משוגעת. אויב אָבער אַ סך אידען גיבען זיך דערמיט אָפּ אַלע אויף אַמאָל, דאַן ווערט די זאַך אַ גאַנץ פאַרנינפטיגע און זי דאַרף ניט מורא האָבען אַז ערנסטע שוועריגקייטען וועלען איהר שטעהן אין וועג. די אידעע הענגט אָפּ נאָר פון דער צאָהל פון איהרע נאָכפאָלגער. אפשר וועלען אונזערע שטרעבזאַמע יונגעלייט, פאַר וועלכע אַלע וועגען זיינען איצט שוין פאַרשפּאַרט און אויף וועלכע עס וואַרט אין דער אידישער מדינה אַ ליכטיגע אויסזיכט אויף כבוד, פרייהייט און גליק, זיך נעמען צו דער פאַרשפּרייטונג פון דער אידעע.

בנוגע מיין אויפגאַבע, אויף ווי ווייט זי איז שייך צו מיין פערזאָן, האַלט איך זי פאַר פאַרענדיגט מיט דער פאַרעפענטליכונג פון דעם איצטיגען בוך. איך וועל נעמען דאָס וואָרט וועגען דעם נאָר דאַן, ווען אָנגריפען פון געגנער, מיט וועמעס מיינונג עס איז כדאי זיך צו רעכענען, וועלען מיך דערצו צווינגען, אָדער ווען עס

וועט זיין נויטיג צוריקצואווייזען ניט־פֿאַראויסגעזעהענע געגען־ארגומענטען און אויפצוקלערען טעות׳ן.

איך פרעג, צי איז דאָס וואָס איך זאָג היינט נאָך אַלץ ניט ריכטיג? בין איך געקומען צו פריה פאַר מיין דור? זיינען די אידישע ליידען נאָך ניט גרויס גענוג? לאָמיר די זאַך באַטראַכטען.

דערפאַר הענגט עס אָפּ פון די אידען אַליין צו אַנטשיידען אויב די דאָזיגע שטאַאטס־שריפט איז דערוויול נאָר אַ שטאַאטס־ראָמאַן. אויב דער איצטיגער דור איז נאָך צו טעמפּ, וועט קומען אַן אַנדערער, אַ העכערער, אַ בעסערער. די אידען וואָס ווילען, וועלען האָבען זייער מדינה, און זיי וועלען דאָס זיין ווערט.

# אריינפיהר

עס איז אָפט איבעררראשענד צו זעהן ווי מענשען וואָס שטעהען אין מיטען פראַקטישען לעבען באַזיצען אַזאַ קנאַפּע פאַרשטענדניש פאַר עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. נאָר אַזוי קען מען זיך דערקלערען דעם פאַקט וואָס אַ סך אידען פלאַפּלען נאַאיוו נאָך די אַנטיסעמיטישע טענה, אַז מיר לעבען פון אונזערע „פעלקער־בעלי־בתים" און אַז טאָמער וואָלטען מיר ניט געהאַט אַרום אונז קיין „פעלקער־בעלי־בתים" וואָלטען מיר געמוזט אויסגעהן פון הונגער. דאָס איז איינער פון די פונקטען, וואו מען קען זעהן ווי דורך די פאַלשע באַשולדיגונגען ווערט ביסלאַכווייז אָפּגעשוואַכט אונזער זעלבסט־באַוואוסטזיין. ווי שטעהט עס אין אמת'ן מיט דער טעאָריע פון „פעלקער־בעלי־בתים"? אויף ווי ווייט זי איז ניט אַ פועל־יוצא פון דער אַלטער באַשרענקטער פיזיאָקראַטישער שיטה, אַז דער רייכטום פון פאָלק באַשטעהט נאָר אין באָדען און באָדען־פּראָדוקטען, איז זי אַ רעזולטאַט פון דעם קינדישען טעות, אַז אין דער עקאָנאָמישער וועלט דרעהען זיך אַלע רעאַלע זאַכען הין און צוריק אין איין און דעמזעלבען קרייז. עס איז אָבער פאַר אונז ניט נויטיג זיך ערשט אויפצוכאַפּען פון אַ לאַנג־יאָהריגען שלאָף, ווי ריפּ וואַן ווינקעל, כדי זיך צו דערוויסען, אַז די וועלט האַלט זיך אין איין פאַרענדערען דורך דער שטענדיגער באַשאַפונג פון נייע רעאַלע זאַכען. אין אונזער וואונדערבאַרער צייט, די צייט פון גרויסען טעכנישען פּראָגרעס, זעהט אויך דער גייסטיג־אָרימסטער מיט זיינע פאַרקלעפּטע אויגען ווי עס שווימען אַרויף אַרום איהם אַלץ נייע זאַכען; דאָס האָט זיי דער אונטערנעמונגס־גייסט פּראָדוצירט.

האָרעוואַניע אָהן אונטערנעמונגס־גייסט — דאָס איז דער אונבאַוועגליכער, אַלטער סאָרט אַרבייט. איהר כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל איז די אַרבייט פון פויער, וועלכער שטעהט נאָך געניי אויף דעם זעלבען פּלאַץ וואו זיין עלטער־עלטער־זיידע איז געשטאַנען מיט טויזענט יאָהר צוריק. מען שעמט זיך אַפילו אַרויסצוזאָגען אַזאַ באַנאַליטעט. אויב מיר זאָלען אַפילו זיין אויסשליסליך אונטערנעמער — ווי עס באַהויפּטען די נאַרישע בעלי גוזמאות — דאַרפען מיר אויך ניט האָבען קיין „פעלקער־בעלי־בתים". מיר זיינען דורכאויס ניט אָפּהענגיג פון דעם קרייז־לויף פון איין און דיזעלבע זאַכען, ווייל מיר פּראָדוצירען אַלץ נייע זאַכען.

אָט האָבען מיר אין דער קולטור־וועלט אַרבייטס־שקלאַפען פון אַן אונגעוועהנליכער קראַפט, וועמעס אנטשטעהונג איז געווען אַ פאַרניכטענדע קאָנקורענץ פאַר דער האַנט־אַרבייט: די מאַשינען. געוויס נויטיגט מען זיך אין אַרבייטער כדי צו לאָזען די מאַשינען לויפען, אָבער פאַר דער דאָזיגער באַדערפניש האָבען מיר גענוג מענשען, אפשר צופיל. בלויז דער, וואָס איז ניט באַקאַנט מיט דער לאַגע פון די אידען אין פילע געגענדען אין מזרח־אייראָפּאַ, וועט האָבען די העזה צו באַהויפּטען אַז די אידען טויגען ניט פאַר אָדער ווילען ניט קיין האַנט־אַרבייט.

אין דעם דאָזיגען בוך וויל איך זיך אָבער ניט אָפּגעבען מיט קיין אידען־פּאַרטייידיגעריי. דאָס וואָלט געווען נוצלאָז. מען האָט שוין ארויסגעזאָגט וועגען דער דאָזיגער טעמאַ אַלץ וואָס איז פאַרנינפטיג און אפילו אַלץ וואָס איז סענטי־מענטאַל. איז אָבער די זאַך אַזוי אַז עס איז ניט גענוג אויסצוגעפינען די ריכטיגע סבות וואָס וועקען דעם פאַרשטאַנד און געפיהל; עס איז נויטיג אַז די הערער זאָלען זיין צוערשט צוגעגרייט און פעהיג צו פאַרשטעהן. אויב ניט, איז דאָס אַ קול קורא במדבר. זיינען ווידער די הערער שוין אַזוי ווייט אויפגעקלערט און גייסטיג אנטוויקעלט, דאַן איז די גאַנצע דרשה אַן איבעריגע. איך גלויב, אַז דער מענש האַלט שטענדיג אין איין אנטוויקלען זיך צו אַלץ העכערע מאָראַלישע מדרגות. די צרה איז אָבער, וואָס דער פּראָצעס איז אַ שרעקליך לאַנגזאַמער. אויב מיר זאָלען וואַרטען ביז דער באַגריף פון יושר און גוטסקייט זאָל זיך אנטוויקלען אויך ביי דעם דורכשניטס־מענש צו דער העכסטער מדרגה, ווי ביי לעסינג'ן בעת ער האָט געשריבען „נתן דער חכם“, דאַן וואָלט עס געווען אַ פראַגע אויב מיר, אונזערע קינדער, אייניקלאַך און אור־אייניקלאַך וועלען עס ווען־עס־איז דערלעבען. דאָ קומט אונז צו הילף פון אַן אַנדער זייט דער נייער וועלט־גייסט.

דער היינטיגער יאָהרהונדערט מיט זיינע טעכנישע דערגרייכונגען האָט אונז געבראַכט אַ מערקווירדיגען אויפשוואונג. בלויז בנוגע מענשען ווערט דער דאָזיגער לעגענדאַרישער פּראָגרעס נאָך ניט אָנגעווענדט. מיר זיינען שוין בייגעקומען די שוועריגקייטען פון דעם ערד־קוגעל און דאַך ווערען מיר אויסגעמאַטערט פון ענג־שאַפט. איבער ימים, וואָס זיינען אונז פריהער געווען גאַנץ אונבאַקאַנט, לויפען מיר היינט מיט מעכטיגע שיפען גיך און געפאַהרלאָז. אויף בערג, וואו מיר האָבען אַמאָל מורא געהאַט ארויפצוקלעטערען צופוס, פיהרען מיר ארויף געזיכערטע אייזענבאַהנען. וועגען אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין לענדער, וועלכע זיינען נאָך ניט געווען אנטדעקט בעת אייראָפּאַ האָט די אידען געהאַלטען איינגעשפּאַרט אין די געטאָס, דערוויסען מיר זיך אין אַ שעה ארום. דער מיטעלאַלטערליכער אידען־האַס איז דערפאַר אַ פּאַראַדאָקס, אַ געגענזאַץ — און ניט דווקא צוליב דעם, וואָס שוין מיט הונדערט יאָהר צוריק האָט עקזיסטירט אַ צייט פון אויפקלערונג, וואָס באמת האָט זי עקזיסטירט בלויז פאַר די געצעהלטע נאָבעלסטע גייסטער.

איך בין אָבער מיט דער מיינונג, אַז די עלעקטריציטעט איז אנטדעקט געוואָרען דורכאויס ניט מיט'ן איינציגען צוועק אַז עטליכע אויפגעקומענע פאַרשוינען זאָלען דערמיט באַלייכטען זייערע פּראַכט־צימערען, נאָר אַז כדי מיר זאָלען ביי איהר שיין און ליכט לייזען די פראַגען פון דער מענשהייט. איינע פון די דאָזיגע פראַגען, און ניט די אונבאַדייטענדסטע, איז די אידען־פראַגע. דערמיט וואָס מיר לייזען זי, טוען מיר אויף אַ גרויסע זאַך ניט נאָר פאַר אונז אַליין נאָר אויך פאַר אַ סך אַנדערע וואָס ליידען פון דעם דאָזיגען פּראָבלעם.

די אידען־פראַגע עקזיסטירט. עס וואָלט געווען נאַריש דאָס אָפּצולייקענען.

זי איז אַ פאַרשלעפּטע שטיק מיטעלאַלטער, פון וועלכער די קולטור־פעלקער קענען מיט'ן בעסטען ווילען איצט שוין ניט פּטור ווערען. דעם נאַבעלען ווילען דערצו האָבען זיי דאָך ארויסגעוויזען בעת זיי האָבען אונז געגעבען גלייכבערעכטיגונג. די אידען־פראגע עקזיסטירט אומעטום, וואו אידען וואוינען אין אַ גרעסערער צאָהל. דאָרט, וואו זי עקזיסטירט ניט, ווערט זי ארייינגעשלעפּט דורך די איינגעוואַנדערטע אידען. מיר וואַנדערען נאַטירליך אין אַזעלכע ערטער, וואו מען פאַרפאָלגט אונז ניט — אָבער מיט אונזער אָנקומען קומט אויך אָן די פאַרפאָלגונג. דאָס איז דער אמת. דאָס מוז בלייבען דער אמת אומעטום, אפילו אין הויך־ציוויליזירטע לענ־דער — והראיה פראנקרייך — אַזוי לאַנג ווי די אידען־פראגע ווערט ניט געלייזט פּאָליטיש. די אָרימע אידישע עמיגראַנטען ברענגען איצט אריין דעם אַנטיסעמיטיזם אין ענגלאַנד, זיי האָבען איהם שוין אריינגעבראכט אויך קיין אַמעריקא.

איך גלויב אז איך פאַרשטעה דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אַ זעהר קאָמ־פּליצירטע באַוועגונג. איך באַטראַכט די דאָזיגע באַוועגונג אַלס איד, אָבער אָהן שנאה און מורא. איך דערקען אין דעם אַנטיסעמיטיזם זעהר גוט דעם מאָמענט פון גראָבען ציניזם, פון נידריגער קאָנקורענץ־שנאה, פון שנאה־געפיהלען וואָס זיינען איבערגעגאַנגען בירושה, פון רעליגיעזער ניט־טאָלעראַנטקייט, אָבער דאָס שטערט מיר ניט צו באַגרייפען אויך דעם כלומר'שטען זעלבסט־פאַרטיידיגונגס־מאָמענט, וואָס איז אין איהם פאַראַן. איך האַלט די אידען־פראַגע ניט פאַר קיין סאָציאַלער און ניט פאַר קיין רעליגיעזער פראַגע, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זי באַמיהט זיך צו ערשיינען אַלס אַזעלכע אין פאַרשיידענע פאָרמען. זי איז אַ נאַציאָנאַ־לע פראַגע, און כדי זי צו לייזען, מוזען מיר זי קודם כל דערהויבען צו אַ פּאָליטישער וועלט־פראַגע, וואָס דאַרף געאָרדענט ווערען אין דעם ראַט פון די קולטור־פעלקער.

מיר זיינען אַ פאָלק, א י י ן פאָלק.

מיר האָבען אומעטום געמאַכט דעם עהרליכען פּרואוו זיך צונויפצושמעלצען מיט די פעלקער, צווישען וועלכע מיר לעבען, און צו בלייבען בלויז ביי אונזער אמונה. אָבער מען לאָזט אונז ניט. אומזיסט זיינען מיר טרייע און אין אַ סך ערטער אפילו באַגייסטערטע איבער־פּאַטריאָטען. אומזיסט ברענגען מיר דיזעלבע קרבנות אין בלוט און פאַרמעגען ווי אונזערע מיט־בירגער. אומזיסט באַמיהען מיר זיך צו דערהויבען דעם כבוד פון אונזערע פאָטערלענדער אויפ'ן געביט פון קונסט און וויסענשאַפט און צו פאַרגרעסערען זייערע רייכטימער דורך האַנדעל און פאַרקער. אין אונזערע פאָטערלענדער, וואו מיר וואוינען שוין זייט יאָהרהונדערטען, ערקלערט מען אונז אַלס פרעמדע. אָפט טוען דאָס אַזעלכע, וועמעס אור־עלטערען זיינען דאָרט נאָך ניט געווען בעת אונזערע האָבען שוין דאָרט געליטען. די מאַיאָ־ריטעט קען באַשטימען ווער עס איז אַ פרעמדער אין לאַנד; און דאָס איז אַ מאַכט־פראַגע, ווי אַלצדינג אויפ'ן געביט פון די געגענזייטיגע פעלקער־באַציהונגען. ווען

איך ערקלער דאָס נאָר אַלס אַ יחיד, ניט האָבענדיג פון קיינעם די פולמאַכט דערצו, זאָג איך זיך דערמיט אויף אַ האָר ניט אָפּ פון קיין שום בירגערליכען רעכט וואָס מיר האָבען שווער אויסגעקעמפט. אין איצטיגען צושטאַנד פון דער וועלט און וואַרשיינליך נאָך פאַר אַ לאַנגער צייט האָט מאַכט דעם פאָרצוג איבער רעכט. אומזיסט זיינען מיר דערפאַר אומעטום גוטע פאַטריאָטען, ווי די הוגענאָטען זיינען עס געווען, וועלכע מען האָט געצוואונגען אויסצואוואַנדערען. ווען מען וואָלט אונז נאָר געלאָזען צו־רוה . . .

אָבער איך גלויב, אַז מען וועט אונז ניט לאָזען צו־רוה.

דורך אונטערדריקונג און פאַרפאָלגונג קען מען אונז ניט אויסראָטען. קיין פאָלק אין דער וועלט האָט ניט אויסגעהאַלטען אַזעלכע קאַמפען און ליידען ווי מיר. די שנאה צו אידען האָט תמיד געטריבען צום אָפּפאַל נאָר די שוואַכע צווישען אונז. די שטאַרקע אידען קומען צוריק צו זייער פאָלק גראָד ווען די פאַרפאָלגונגען הויבען זיך אָן. אין דער צייט נאָך דער אידישער עמאַנציפּאַציע האָט מען דאָס דייטליך געקענט זעהן. די גייסטיג־ און מאַטעריעל העכער־שטעהענדע אידען האָבען אינגאַנצען פאַרלוירען דאָס געפיהל פון אָנגעהעריגקייט צו זייער פאָלק. ווען דער פּאָליטישער וואוילשטאַנד געדויערט אַביסעל לענגער, אַסימילירען מיר זיך אומעטום. איך גלויב, אַז דאָס איז ניט דוקא אַ ניט־שעהנער אַקט. דער שטאַאַטסמאַן, וואָס וויל אַז זיין נאַציאָן זאָל באַקומען אַ בלוט־צולויף פון דער אידישער ראַסע, מוז דערפאַר זיין פאַראינטערעסירט אַז אונזער פּאָליטישער וואוילשטאַנד זאָל זיך וואָס לענגער האַלטען. אָבער אפילו אַ ביסמאַרק וואָלט דאָס ניט געקענט טאָן.

ווייל טיף אין דער נשמה פון די פעלקער לעבען אַלטע אָפּנייגונגס־געפיהלען געגען אונז. ווער עס וויל דערגעהן די אמת'ע שטימונג, דאַרף נאָר צולעגען זיין אויער דאָרט וואו דאָס פאָלק רעדט פשוט און אויפריכטיג: די פאָלקס־מעשה און דאָס שפּריכוואָרט זיינען אַנטיסעמיטיש. עס איז אמת, אַ פאָלק איז אומעטום אַ גרויס קינד, וואָס מען קען געוויס ערציהען. אָבער די דאָזיגע ערציהונג וואָלט אויפ'ן בעסטען אופן געפאָדערט גאַנצע דורות, אַזוי אַז דערווייל וואָלטען מיר, ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, זיך געקענט העלפען אויף אַנדערע וועגען.

אונטער דעם באַגריף זיך־אַסימילירען פאַרשטעה איך ניט נאָר די אויסערליכע פאָרמען פון קליידונג, פון באַשטימטע זיטען און מאַניערען און פון דער שפּראַך, נאָר אויך אַן אמת'ן גלייך־ווערען, אין גייסט און ראַסע. עס איז דערפאַר אמת, אַז די אַסימילירונג פון די אידען קען אומעטום דערגרייכט ווערען דורך געמישטע חתונות. כדי דאָס צו דערגרייכען מוז אָבער די מערהייט פון די פעלקער דאָס אַנערקענען אַלס אַ באַדערפניש. עס איז בשום אופן ניט גענוג צו ערקלערען די געמישטע חתונות אַלס געזעצליך ערלויבט. די אונגאַרישע ליבעראַלען, וואָס האָבען

דאָס נאָר־וואָס געטאָן, מאַכען אַ מערקווירדיגען טעות. דער ערשטער פאַל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפ׳ן יסוד פון דער דאָזיגער טעאָרעטישער געזעצגעבונג, האָט באקומען אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע: אַ גע׳שמד׳טער איד האָט חתונה געהאַט מיט אַ אידישער פרוי. דער קאַמף וועגען און ארום דעם איצטיגען חתונה־געזעץ אין אונגאַרן האָט אָבער די באַציהונגען צווישען אידען און קריסטען אַ סך פאַרערגערט און האָט דער טענדענץ פון ראַסען־פאַרמישונג געבראַכט מעהר שאָדען ווי נוצען. ווער עס באַשטרעבט באמת דעם אונטערגאַנג פון די אידען דורך געמישטע חתונות, האָט פאַר זיך דערפאַר נאָר איין־איינציגע מעגליכקייט: סיידען די אידען זאָלען פריהער דערגרייכען אַזאַ עקאָנאָמישע מאַכט, וואָס זאָל בייקומען דעם אַלטען געזעלשאַפטליכען פאָראורטייל. אַלס ביישפּיל קען דאָ דינען די אריס־טאָקראַטיע, וואו די געמישטע חתונות קומען לפי ערך פאָר אַם מיינסטען. דער אַלטער אַדעל לאָזט זיך פאַרגילדען מיט אידיש געלט און דערביי פאַרשווינדען אידישע פאַמיליען. אָבער וואָס פאַר אַ פאָרם וואָלט די ערשיינונג אָנגענומען צווישען די מיטעל־קלאַס שיכטען, וואו די אידען־פראַגע איז אַם שאַרפסטען, ווייל די אידען זיינען דאָך אַ מיטעלשטאַנדס־פאָלק? דאָ וואָלט די דערגרייכונג פון דער עקאָנאָמישער מאַכט פראַקטיש געמיינט די ווירטשאַפטליכע אויבערהערשאַפט פון די אידען — אַ זאַך, וואָס ווערט איצט שוין באַהויפּטעט, ניט קוקענדיג אויף איהר פאַלשקייט. אויב די היינטיגע מאַכט פון די אידען רופט שוין ארויס אַזעלכע אַנטיסעמיטישע העצעס, צו וואָס פאַר אַן אויסברוכען וואָלט עס געקומען ווען די דאָזיגע מאַכט זאָל נאָך ווערען פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט! באמת קען די אויסמישונג אונטער אַזעלכע באַדינגונגען גאָרניט דערגרייכט ווערען. דאָס וואָלט אויך הייסען, אַז אַ מינדערהייט, וואָס איז נאָך דאָ ניט לאַנג געווען פאַראַכטעט און באַזיצט ניט קיין שום מיליטערישע אָדער ציווילע מאַכט, אונטערוואָכט עקאָנאָמיש די מאַיאָריטעט. די אַסימילירונג פון די אידען דורך אַן עקאָנאָמישער אויפבליהונג האַלט איך דערפאַר פאַר זעהר צווייפעלהאַפט. אין די אַנטיסעמיטישע לענדער וועט מען מיט מיר מסכים זיין. אין די אַנדערע לענדער, וואו די אידען פיהלען זיך איצט גוט, וועלען מיינע פאָלקס־גענאָסען מיין באַהויפּטונג וואַרשיינליך שטאַרק באַשטרייטען. זיי וועלען מיר ערשט דאַן גלויבען, ווען זיי וועלען אַליין דערפיהלען דעם טעם פון דער אידען־העצע. וואָס שפּעטער דער אַנטיסעמיטיזם וועט קומען, אַלץ גיפטיגער און ביטערער וועט ער מוזען אויסברעכען. דאָס אַריינדרינגען פון די אידישע איינ־וואַנדערער, וועלכע ווערען צוגעצויגען פון דער כלומר׳שטער זיכערהייט און דאָס אַלץ שטאַרקער־ווערען פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון די איינגעבוירענע היימישע אידען, ווירקען ביידע צוזאַמען און טרייבען צו אַן אויפטרייסלונג. דאָס איז אַ גאַנץ פּשוט׳ער און לאָגישער געדאַנק.

דער פאַקט אָבער, וואָס איך דערפיהר דעם דאָזיגען געדאַנק צו זיין לאָגישער קאָנ־זעקווענץ, ניט קימערענדיג זיך וועגען קיין זאַך, פאָלגענדיג נאָר דעם אמת, וועט וואַהרשיינליך ארויסרופען געגען מיר די געגנערשאַפט און פיינדשאַפט פון די אידישע

שיכטען וואָס לעבען אונטער גינסטיגע באדינגונגען. אויף ווי ווייט עס האנדעלט זיך דאָ נאָר וועגען פּריוואט־אינטערעסען, וואו די פּאראינטערעסירטע האָבען מורא פאר מיין פּלאַן צוליב גייסטיגער באשרענקטקייט אָדער פייגהייט, וואָלט מען זיי געקענט פאַרבייגעהען מיט בטול און פאראכטונג. ווייל די אינטערעסען פון די אָרימע און אונטערדריקטע מאַסען זיינען וויכטיגער. איך וויל אָבער באלד פון אָנהויב אָן נים דערלאָזען צו דער פאַלשער מיינונג, אַז ווען מיין פּראָיעקט זאָל ווען־עס־איז פאַרווירקליכט ווערען, וועלען די פארמעגליכע אידען דערפון ליידען אין האָב און גוטס. דערפאר וויל איך אויספיהרליך ערקלערען דעם יוריסטיש־פינאַנציעלען כאַראַקטער פון מיין פּלאַן. דאַן איז דאָך די זאַך אַזוי: קומט פון מיין פּלאַן גאָרניט ארויס און ער געהט ניט אריבער די גרעניצען פון ליטעראַטור, בלייבט דאָך סיי־ווי־סיי אַלץ ביים אַלטען.

מעהר ממשות וואָלט געהאַט די טענה, אַז דערמיט וואָס איך באַצייכען אונזער פאָלק אַלס אַ י ן פּאָלק העלף איך די אַנטיסעמיטען; אַז איך שטער די אַסימי־לירונג פון די אידען דאָרט וואו זיי ווילען דאָס, און אַז איך שטעל אין געפאהר די אַסימילירונג לאחר המעשה דאָרט, וואו זי האָט זיך שוין פארווירקליכט — אויף ווי ווייט איך אַלס אַן איינזאַמער שריפטשטעלער בין איבערהויפּט ביכולת עטוואָס צו שטערען אָדער צו שטעלען אין געפאַהר.

די דאָזיגע טענה וועט הויפּטזעכליך קומען פון פראַנקרייך. אויך פון אַנדערע לענדער ערוואַרט איך זי. איך וויל אָבער אין פאָראויס געבען אַן ענטפער די פראַנצויזישע אידען, ווייל זיי רעפּרעזענטירען מיט זיך דעם שטאַרקסטען ביישפּיל.

איך, למשל, האָב טיפען דרך־ארץ פאַר אַ גרויסען כאַראַקטער, פאַר דער שטאַרקער פּערזענליכקייט פון דעם מלוכה־מאַן, פון דעם ערפינדער, קינסטלער, פילאָזאָף אָדער קריגס־מאַן. איך פיהל אויך אַ טיפען רעספּעקט פאַר דער קאָ־לעקטיוו־פּערזענליכקייט פון אַ היסטאָרישער גרופּע, וואָס מיר רופען אַן פּאָלק. אָבער ניט קוקענדיג דערויף טרויער איך ניט איבער דעם אונטערגאַנג פון דער דאָזיגער פּערזענליכקייט. אויב אימיצער קען, וויל און מוז אונטערגעהן, זאָל ער אונטערגעהן. די אידישע פּאָלקס־פּערזענליכקייט אָבער קען ניט, וויל ניט און מוז ניט אונטערגעהן. זי קען ניט, ווייל די שונאים פון דרויסען האַלטען זי צוזאַמען. זי וויל ניט — דאָס האָט זי שוין באַוויזען דורך די אונגעהויערע ליידען אין פארלויף פון צוויי טויזענט יאָהר. זי מוז ניט — אָט דאָס פּרוביר איך באַווייזען אין דעם איצטיגען בוך, נאָכדעם ווי אַ סך אַנדערע אידען, וועלכע האָבען ניט אויפ־געגעבען די האָפנונג, האָבען דאָס אויך געטאָן. גאַנצע צווייגען פון אידענטום קענען אָפּפאַלען, דער בוים אָבער בלייבט לעבען.

אויב אַלע אָדער עטליכע פראַנצויזישע אידען זאָלען פּראָטעסטירען געגען דעם דאָזיגען פּלאַן צוליב דעם, ווייל זיי האָבען זיך שוין „אַסימילירט", איז דערפאַר

מיין תשובה א פשוט'ע: די גאנצע זאך האט צו זיי קיין שייכות ניט. זיי זיינען איזראעליטישע פראנצויזען? אויסגעצייכענט! מיין פלאן אבער איז שייך נאר צו אידען.

דער אמת אבער איז, אז די מלוכה־שאפענדע באוועגונג וואס איך שלאג פאר וועט ניט שעדיגען די איזראעליטישע פראנצויזען פונקט אזוי ווי זי וועט ניט ברענגען קיין שום שאדען די „אסימילירטע" אין אנדערע לענדער. פארקערט, בלויז נוצען וועלען זיי דערפון האבען! דעמאלט וועלען זיי קענען אונגעשטערט אנגעהן מיט דער „פארבען־בייטענדער פונקציע", לויט דארווין'ס אן אויסדרוק. טאקע צוליב דעם, וואס אלס רעזולטאט פון מיין פלאן וועט דער איצטיגער אנטיסעמיטיזם פאר־שווינדען, וועלען זיי זיך קענען רוהיג אסימילירען. ווען די נייע אידישע מדינה מיט איהרע בעסערע איינריכטונגען וועט פארווירקליכט ווערען און ניט קוקענדיג דערויף וועלען זיי פארט בלייבען אויף זייערע איצטיגע ערטער, דאן וועלען אלע באמת אויך גלויבען אין זייער פאלשטענדיגער אסימילאציע.

דורך דער אויסוואנדערונג פון די אידען וואס זיינען געטריי זייער אפשטאמונג, וועלען די „אסימילירטע" האבען מעהר נוצען ווי די קריסטליכע בירגער. ווערען דאך די אסימילירטע באפרייט פון דער באאומרוהיגענדער, באדראהעדנער און אומפאר־מיידליכער קאנקורענץ פון אידישען פראלעטאריאט, וואס ווערט צוליב פאליטישע פארפאלגונגען און עקאנאמישער נויט געווארפען פון ארט צו ארט און פון לאנד צו לאנד. אונטער נייע באדינגונגען וואלט דער דאזיגער וואנדערענדער פראלעטאריאט געפונען א שטענדיגען מקום מנוחה. ווי די לאגע איז איצט, האבען מאנכע קריסטליכע בירגער — מען רופט זיי אן אנטיסעמיטען — יא די מעגליכקייט זיך צו וועהרען געגען דער איינוואנדערונג פון פרעמדע אידען. די איזראעליטישע בירגער אבער קענען דאס ניט, ניט קוקענדיג דערויף וואס די זאך טרעפט זיי פיל שווערער; זיי זיינען דאך דער צד, וואס פיהלט פריהער פאר אלעמען די קאנקורענץ פון עלעמענטען וואס זיינען אין זייער עקאנאמישער אונטערנעמונגס־פעהיגקייט אונ־געפעהר זייער גלייכען, און וואס דערצו ברענגען זיי נאך אריין דעם אנטיסעמיטיזם אדער פארשטארקען איהם דארט וואו ער איז שוין פאראן. עס איז א באהאלטענע טראגעדיע פון די אסימילירטע, וואס זיי זוכען זי צו פארגעסען דורך „וואוילטעטיגע" אונטערנעמונגען. זיי גרינדען אויסוואנדערונגס־פאראיינען לטובת די צוגערייזטע אידען. אין אמת'ן ליגט אין דער דאזיגער ערשיינונג א געגען־מיין, איבער וועלכען מען וואלט געקענט לאכען ווען עס זאל זיך ניט האנדלען וועגען ליידענדע מענשען. עטליכע פון די דאזיגע אונטערשטיצונגס־פאראיינען עקזיסטירען ניט פאר נאר געגען — פארפאלגטע אידען. די אומגליקליכע זאלען נאר וואס גיכער און אזוי וויט ווי נאר מעגליך אוועקטראנספארטירט ווערען. ביי א נעהנטערער באטראכטונג וועט מען דערפאר אויסגעפינען, אז מאנכער כלומר'שטער אידען־פריינט, אונטער דער מאסקע פון א וואוילטעטער, איז אין אמת'ן אן אנטיסעמיט פון אידישער אפ־שטאמונג.

אָבער אפילו די קאָלאָניזאציאָנס־פּארזוכען מצד מענשען מיט באמת גוטע כונות האָבען זיך ביז איצט ניט איינגעגעבען, כאָטש דאָס זיינען געווען אינטערעסאנטע פּארזוכען. איך האַלט ניט, אז פאר דעם אָדער יענעם איז עס געווען נאָר א מין ספּאָרט, אז דער אָדער יענער האָט געלאָזט וואנדערען אָרימע אידען אזוי ווי מען לאָזט לויפען פערדלאך. אויף אזוי פיל איז די זאך דאך נאָך צו ערנסט און טרויעריג. אינטערעסאנט זיינען די דאָזיגע פּארזוכען געווען דערמיט, וואָס אין אמת'ן זיינען זיי אין א קליינעם מאסשטאב די פּראקטישע פאָרלויפער פון דער אידישער מלוכה־אידעע. זיי זיינען אפילו געווען נוצליך ווייל עס זיינען דערביי געמאכט געוואָרען פעהלערען, פון וועלכע מען קען לערנען בעת מען וועט זיך נעמען צו דער ארבייט אויף א גרויסען מאסשטאב. געוויס איז דורך די דאָזיגע פּארזוכען אויך אָנגעטאָן געוואָרען שאָדען. איך רייד שוין ניט דערפון, וואָס צוליב אזא קינסטליכען אריינדרינגען איז אַלס אונפארמיידליכער רעזולטאט אימפּאָרטירט געוואָרען דער אנטיסעמיטיזם אין נייע געגענדען. דאָס איז שוין דער קלענסטער שאדען. א סך ערגער איז דאָס, וואָס צוליב די שלעכטע רעזולטאטען האָבען די אידען אליין אָנגעהויבען צו צווייפלען אין דער ברויכבארקייט פון אידישען מענשען־מאטעריאל. דעם דאָזיגען צווייפעל וועט מען אָבער ביי אַלע פארנינפטיגע מענשען קענען באַזייטיגען מיט דעם פאָלגענדען פּשוט'ן ארגומענט: אויב א זאך ווייזט זיך ארויס אַלס אונצוועקמעסיג אָדער אונדורכפיהרבאר אין א קליינעם מאסשטאב, איז עס נאָך קיין ראיה ניט אַז דאָס איז דער פאַל אויך דאַן ווען די זאך ווערט געטאָן אין א גרויסען מאסשטאב. אונטער דיזעלבע באדינגונגען וואו א קליינע אונטערנעמונג ברענגט היזק, קען א גרויס געשעפט אויסמאכען זעהר גוט. אויף א טייך קען מען אמאָל ניט פאָהרען אפילו מיט קליינע שיפלאך, אָבער דער ים אין וועלכען דער טייכעל גיסט זיך אריין קען טרייבען געוואלדיגע און מעכטיגע שיפען.

קיינער איז ניט אזוי שטארק אָדער אזוי רייך כדי צו זיין בכח אריבערצוברענגען א פאָלק פון איין וואוין־אָרט אין אַן אַנדערען. אזא כח האָט נאָר אַן אידעע. אזא מאכט האָט די מלוכה־אידעע. די אידען האָבען דורך דער גאנצער פינסטערער פעריאָדע פון זייער געשיכטע ניט אויפגעהערט צו טרוימען דעם קעניגליכען חלום. „לשנה הבאה בירושלים" איז שוין ביי אונז אַן אַלטער רוף. איצט האנדעלט זיך וועגען דעם צו באווייזען אַז פון דעם חלום קען ווערען א ליכטיגער און קלאָרער פּלאַן.

כדי צו דערגרייכען אזא צושטאנד איז עס קודם כל נויטווענדיג ארויסצושלאָגען פון די מוחות פיל אַלטע, אָפּגעלעבטע, צומישטע און נארישע השגות און פאָרשטעלונגען. פארטעמפּטע מוחות וועלען קודם כל גלויבען, אַז די וואַנדערונג, למשל, מיינט ארויסצוגעהן פון דער קולטור־וועלט אין מדבר אריין. ניט אמת! די אויסוואנדערונג קומט פאָר אין סאמע מיטען פון דער ציוויליזאציע; מען געהט ניט צוריק אויף א נידעריגערער שטופע, נאָר מען שטייגט ארויף אויף א העכערער מדרגה. מען ציהט זיך ניט אריין אין ליימענעביידלאך, נאָר אין שעהנערע, מאָדערנערע

הייזער, וואָס ווערען נײַ־געבויט און וואָס מען קען באזיצען מיט זיכערהייט. קיינער פאַרלירט ניט זיין ערוואָרבענעם אייגענטום. אדרבא, ער פאַרגרעסערט זיין ווערט. מען זאָגט זיך אָפּ פון איין רעכט, כדי צו באקומען אָן אַנדער רעכט, אַ בעסערס. מען שיידט זיך ניט אָפּ פון די איינגעוואָרצעלטע מנהגים און טראַדיציעס, נאָר מען געפינט זיי אויפ׳ס׳ניי. קיינער פאַרלאָזט ניט דאָס אַלטע הויז איידער דאָס נייע איז פאַרטיג. נאָר די ווילען אויסוואַנדערען וועלכע זיינען זיכער צו פאַרבעסערען זייער לאַגע. צוערשט קומען די פאַרצווייפעלטע, דערנאָך די אָרימע, שפּעטער די באַמי־טעלטע און צולעצט די רייכע. די וואָס געהען צוערשט דערשלאָגען זיך צו אַ העכערער שיכט ביז די נאָכפאָלגענדע שיכט קומט אָן. די וואַנדערונג איז גלייכ־צייטיג אַ קלאַסען־באַוועגונג וואָס וואַקסט שטופענווייז.

די אידישע אויסגעוואַנדערטע מאַסען לאָזען הינטער זיך ניט איבער קיינערליי עקאָנאָמישע שטערונגען, קיין שום קריזיסען און רדיפות. פאַרקערט, פאַר די לענדער וואָס זיי האָבען פאַרלאָזען הויבט זיך אָן אַ ווירטשאַפטליך גינסטיגע צייט. די קריסטליכע בירגער פאַרנעמען די עקאָנאָמישע פאָזיציעס וואָס די אידען האָבען איבערגעלאָזען. דער אויסוואַנדערונגס־פּראָצעס אנטוויקעלט זיך ביסלעכווייז, אָהן קיין שום געזעלשאַפטליכער אויפטרייסלונג, און שוין זיין אָנהויב איז דער סוף פון אַנטי־סעמיטיזם. די אידען געהען אַוועק אַלס געאַכטעטע פריינט, און ווען עטליכע קומען שפּעטער צוריק, וועט מען זיי אין די ציוויליזירטע לענדער אויפנעמען און באַהאַנדלען פונקט אזוי פריינדליך ווי אַלע אַנדערע בירגער פון אַ פרעמדער מדינה. די דאָזיגע אויסוואַנדערונג איז ניט קיין אנטלויפען, נאָר אַ געאָרדענטע באַוועגונג אונטער דעם קאָנטראָל פון דער עפענטליכער מיינונג. ניט נאָר מוז די באַוועגונג אָנגעהויבען ווערען מיט פאָלשטענדיג געזעצליכע מיטלען, נאָר זי קען איבערהויפּט נאָר דאַן דורכגעפיהרט ווערען אויב זי קען זיך שטיצען אויף דער פריינדליכער מיטאַרבייט פון די באַטייליגטע רעגירונגען, וואָס ווילען האָבען גרויסען נוצען פון דער זאַך.

כדי צו זיכערען די ריינקייט פון דער אידעע און איהר געוויסענהאַפטע דורכ־פיהרונג, מוז מען האָבען גאַראַנטיען, וואָס מען קען געפינען נאָר אין די אזוי־אָנגערופענע „מאָראַלישע“ אָדער „יורידישע“ פערזאָנען. די דאָזיגע צוויי באַצייכ־נונגען, וואָס ווערען אין דער יוריסטישער שפּראַך אָפט פאַרביטען, וויל איך האַלטען אָפּגעטיילט איינע פון דער צווייטער. אַלס די מאָראַלישע פערזאָן, וואָס האָט צו באַשטימען און צו אַנטשיידען אַלצדינג וואָס געפינט זיך אויסערהאַלב פון די פינאַנץ־ספערען, באַצייכען איך „די סאָסייעטי אָוו דזשוז“. נעבען איהר שטעהט די יורידישע פערזאָן, די „דזשואיש קאָמפּאַני“ וואָס איז אַ פּראָפיט־מאַכענדע קער־פערשאַפט.

אַ יחיד, וואָס זאָל זיך דערוועגען צו אַזאַ ריזען־אונטערנעמונג, וואָלט געווען אַ שווינדלער אָדער אַ משוגע׳נער. פאַר דער ריינקייט פון דער „מאָראַלישער“ פערזאָן גאַראַנטירט דער כאַראַקטער פון איהרע מיטגלידער. פאַר דער פעהיגקייט פון דער „יורידישער“ פערזאָן אויפצוטאָן גרויסע זאַכען גאַראַנטירט איהר קאַפּיטאַל.

# יודענשטאַאַט

מיט די ביזאהעריגע אריינפיהרענדע באמערקונגען האָב איך געוואָלט אויף איין פוס צוריקשטויסען דעם ערשטען שטורם פון טענות וואָס דאָס בלויזע וואָרט „יודענשטאַאַט“ מוז ארויסרופען. פון איצט אָן ווילען מיר אנטוויקלען דעם פּלאַן מיט מעהר רוה, באקעמפען באשטימטע געגען־ארגומענטען און אויספיהרליכער באשפּרעכען מאַנכעס, וואָס מיר האָבען שוין אָנגעדייט. מיר ווערלען דאָס מוזען מאַכען אזוי, אז דאָס בוך זאָל ניט ווערען צו שווער. דאָס בוך דאַרף זיין לייכט און דאַרף קענען פליהען. איך גלויב, אז פאר דעם צוועק איז דאָס בעסטע, אז די קאַפּיטלען זאָלען זיין קורצע און זאָלען זיין צוזאַמענגעשטעלט פון אַפאָריזמען.

ווען איך וויל אויפשטעלען אַ נייעם בנין אויף'ן אָרט פון אַן אַלטען, מוז איך צוערשט צושטערען און דערנאָך אויפבויען. איך וועל זיך דערפאר האַלטען אָן דעם דאָזיגען סדר. צוערשט, אין דעם אַלגעמיינעם טייל, דאַרף איך קלאָר מאַכען די באגריפען און אָפּשאַפען אַלטע, אָפּגעלעבטע השגות. ווייטער וועל איך מוזען פעסט־שטעלען די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּאָרבאַדינגונגען און אנטוויקלען דעם גאַנצען פּלאַן.

אין דעם באַזונדערען אָפּשניט, וואָס איז איינגעטיילט אין דריי הויפּט־קאַפּיטלען, וועל איך דאַרפען שילדערען די אויספיהרונג פון דעם פּלאַן. די דאָזיגע הויפּט־קאַפּיטלען זיינען: די דזשואיש קאָמפּאַני, די לאָקאַלע גרופּען און די סאָסייעטי אָוו דזשוז. אייגענטליך האָט צוערשט באַדאַרפט געגרינדעט ווערען די סאָסייעטי און דערנאָך די קאָמפּאַני, אָבער אין דעם פּראָיעקט איז בעסער דאָס צו מאַכען אין דער פּאַרקערטער אָרדנונג, ווייל די פינאַנציעלע דורכפיהרבאַרקייט וועט דאָך ארויס־רופען די גרעסטע ספקות, וואָס מען דאַרף קודם כל באַזייטיגען.

אין דעם שלום־וואָרט וועל איך נאָך פּאַרטיג ווערען מיט די איבעריגע טענות, וואָס ווערלען וואהרשיינליך נאָך ארויסגעשטעלט ווערען. מיינע אידישע לעזער בעט איך מיך געדולדיג אויסצוהערען ביז צום סוף. ביי מאַנכע ווערלען אנטשטעהן די ספקות און טענות אין אַן אַנדער סדר ווי דער, אין וועלכען זיי ווערען דאָ פאַרענטפערט. דערקענט אָבער אימיצער, אז זיינע ספקות זיינען באַזייטיגט געוואָרען דורך פאַרנונפט, דאַן זאָל ער זיך אָנשליסען אָן דער באַוועגונג.

רעדענדיג איצט צו דער פאַרנונפט, ווייס איך אָבער פאָרט גאַנץ גוט, אז פאַרנונפט אַליין איז ניט גענוג. אַלטע אַרעסטאַנטען פאַרלאָזען ניט גערן דאָס גע־פענגניש. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטען אויב די יוגענט, אין וועלכער מיר נויטיגען זיך, וואַקסט אונז שוין נאָך; די יוגענט, וואָס רייסט מיט זיך די עלטערע און דערהויבט זיי אויף שטאַרקע הענט און פאַרוואַנדעלט די פאַרנונפט־באַגרינדונגען אין באַגייסטערונג.

## אַלגעמיינער טייל

# די אידען־פראַגע

קיינער וועט ניט לייקענען די אידישע נויט־לאַגע. אומעטום וואו די אידען געפינען זיך אין אַ גרעסערער צאָהל ווערען זיי מעהר אָדער ווענינער פאַרפאָלגט. די גלייכבארעכטיגונג, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זי איז פאראן אין געזעץ, איז כמעט אומעטום פאקטיש באזייטיגט. אפילו די מיטעל־העכערע שטעלען אין דער ארמיי, אין עפענטליכע און פריוואטע עמטער זיינען פאר אידען פארמאכט. מען פרובירט זיי פארטרייבען פון דער געשעפטס־וועלט: „קויפט ניט ביי אידען!"

די אָנפאלען אויף אידען אין פארלאמענטען און פארזאמלונגען, אין דער פרעסע, אויף די קירכען־בימות, אויפ'ן גאס, אין די אייזענבאהן־צוגען, דאָס ניט אריינלאָזען פון אידען אין געוויסע האָטעלען און זאַגאר אין פארוויילונגס־ערטער פארמערען זיך פון טאָג צו טאָג. די פארפאָלגונגען האָבען אַ פארשיידענעם כאראקטער, לויט דעם קולטור־ניוואָ פון די לענדער און געזעלשאפטס־קרייזען. אין רוסלאנד ווערען גאנצע אידישע ישובים פארברענט; אין רומעניען דער'הרג'עט מען אַ פּאָר מענשען; אין דייטשלאנד ברעכט מען זיי פארבייגעהענדיג אָן די ביינער; אין עסטרייך טעראָ־ריזירען די אנטיסעמיטען דאָס גאנצע עפענטליכע לעבען; אין אלזשיריען ערשיינען ארומוואַנדערענדע העץ־פרעדיגער; אין פאריז האלטען זיך די אזוי אָנגערופענע בעסערע קרייזען צוריקגעצויגען, די „געזעלשאפט" פארשליסט די טירען אנטקעגען די אידען. די ערשיינונגס־פאָרמען פון אידען־האַס זיינען אומענדליך צאָהלרייך.

דאָ איז אָבער ניט די כונה אויפצושטעלען אַ צעטעל פון אלע עולות און אוים־נאָהמען געגען אידען. מיר ווילען זיך ניט אָפּשטעלען אויף איינצעלהייטען, ווי שמערצליך זיי זאָלען ניט זיין.

איך האָב ניט בדעה ארויסצורופען מיטליידס־געפיהלען פאר אונזערטוועגען. די דאָזיגע מעטאָדע איז נאריש, צוועקלאָז און אונווירדיג. איך באשרענק זיך נאָר דערויף צו שטעלען פאָלגענדע פראַגען צו די אידען: איז עס אמת, אַז אין די לענדער, וואו מיר געפינען זיך אין אַ גרעסערער צאָהל, ווערט די לאַגע פון די אידישע אדוואָ־קאטען, דאָקטוירים, טעכניקער, לעהרער און פון די פארשיידענע באאמטע אלץ אונערטרעגליכער? איז עס אמת, אַז אונזער גאנצער אידישער מיטעלשטאנד שטעהט פאר אַ סכנה? איז עס אמת, אַז געגען די רייכע אידען ווערען אויפגע־העצט אלע נידעריגע אינסטינקטען פון המון? איז עס אמת, אַז די אָרימע אידען ליידען פיל שווערער ווי יעדער אנדער פראָלעטאריאט?

אומעטום באמערקען מיר דעם דאָזיגען שווערען דרוק. צווישען די עקאָנאָמיש־העכערע אידישע שיכטען רופט ער ארויס אַן אונבאקוועמליכקייט; אין די מיטעל־

שטאנד־קרייזען פאראורזאכט ער א שווערע גייסטיגע געדריקטקייט; צווישען די אונטערשטע קלאסען דערפיהרט ער צו א ריינער פארצווייפלונג.

פראקטיש זעהען מיר, אז אלץ טרייבט צו איין־און־דעמזעלבען ציל, און דאס לאזט זיך אויסדריקען אין דעם קלאסישען בערלינער רוף: „אידען, ארויס!"

איך וויל דערפאר אויסדריקען די אידען־פראגע אין איהר קירצסטער פארם: מוזען מיר שוין „ארויס"? און וואוהין?

אדער קענען מיר נאך פארבלייבען? און אויף ווי לאנג?

לאמיר צוערשט אפפארטיגען די פראגע פון פארבלייבען. קענען מיר האפען אויף בעסערע צייטען? קענען מיר דערווייל ווארטען מיט געדולד און הכנעה, אז די פירסטען און די פעלקער פון דער וועלט וועלען אונז שליסליך ארויסווייזען א פריינדליכען פנים? איך באהויפט, אז מיר קענען ניט ערווארטען קיין ענדערונג אין דער ריכטונג. פארוואס? ווייל, וואס איז שייך צו די פירסטען קענען זיי אונז ניט שיצען, אפילו ווען זיי האבען פאר אונז סימפאטיע ווי פאר די אנדערע בירגער. וויבאלד זיי וועלען נאר ארויסווייזען עטוואס צופיל פריינדשאפט צו די אידען, רופען זיי דערמיט נאר ארויס א פארשטארקונג פון דעם אידען־האס. דערביי דארף מען אונטער דעם דאזיגען „עטוואס צופיל" פארשטעהן א סך ווייניגער ווי דאס, צו וואס יעדער געוועהנליכער בירגער אדער יעדער אנדער פאלק איז בארעכטיגט. די פעלקער, צווישען וועלכע אידען לעבען, זיינע אלע, איינס ווי דאס אנדערע, פארשעמט אדער אונפארשעמט, אנטיסעמיטען.

דער געוועהנליכער המון האט ניט און קען ניט האבען קיין היסטארישע פארשטענדניש. ער פארשטעהט גארניט, אז די זינד פון מיטעלאלטער זיינען זיך איצט נוקם אן די אייראפעאישע פעלקער. מיר זיינען דאס וואס מען האט פון אונז געמאכט אין די גהעטאס. עס איז אהן א ספק, אז אין געלט־געשעפטען האבען מיר דער־גרייכט שטארקערע פאזיציעס ווי אנדערע מחמת אין מיטעלאלטער האט מען אונז געטריבען דערצו. איצט חזר'ט זיך איבער דערזעלבער פראצעס. מען טרייבט אונז ווייטער אין די געלט־געשעפטען — איצט רופט מען דאס אן די בערזע — דערמיט, וואס מען שניידט פון אונז אפ אלע אנדערע פרנסה־מעגליכקייטען. וויבאלד אבער מיר געפינען זיך אין דער בערזע, אזוי ווערט דאס ווידער א נייער קוואל פון שנאה און פאראכטונג געגען אונז. דערצו קומט דער פאקט, וואס מיר פראדוצירען אונ־אויפהערליך מיטעלערע אינטעלעקטועלען, פאר וועלכע עס איז ניט פאראן קיין פלאץ און וואס ווערען צוליב דעם א געזעלשאפטליכע סכנה ניט ווייניגער ווי דער וואקסענדער קאפיטאל. די געבילדעטע און מיטעללאזע אידען ווארפען זיך איצט אלע אריין אין סאציאליזם. די סאציאלע שלאכט וועט דערפאר אין יעדען פאל מוזען אויסגעקעמפט ווערען אויף אונזערע רוקענס, ווייל איןביידע לאגערען, אין קאפיטאליסטישען און אין סאציאליסטישען, געפינען מיר זיך אויף די געפעהרליכסטע פאזיציעס.

# די ביז־איצטיגע לייזונגס־פארזוכען.

די קינסטליכע מיטלען, וואס מען האט ביז איצט אנגעווענדט כדי בייצוקומען דעם אידישען נויטשטאנד, זיינען געווען ענטוועדער צו קליינליך — ווי די פארשיידענע קאלאניזירונגען — אדער לכתחילה פאלש געפלאנט, ווי די פרואוון צו מאכען די אידען פאר פויערים אין זייערע איצטיגע לענדער.

וואס ווערט שוין אויפגעטאן דערמיט, ווען מען פיהרט אריבער עטליכע טויזענט אידען אין אן אנדער געגענט? איינס פון דיביידע: אדער עס געהט זיי גוט, און דאן ווערט באשאפען צוזאמען מיט זייער פארמעגען דער אנטיסעמיטיזם, אדער זיי ווערען באלד רואינירט. אויף די ביז־איצטיגע פארזוכען אריבערצופיהרען ארימע אידען אין אנדערע לענדער האבען מיר זיך שוין פריהער אפגעשטעלט. די דאזיגע אריבערפיהרונג איז אין יעדען פאל א ניט גענינגענדע און צוועקלאזע און דערגרייכט אפשר גאר דעם היפך פון איהר ציל. אויף דעם וועג ווערט די לייזונג נאר אפגעלעגט, אפגעצויגען און אפשר גאר נאך שווערער געמאכט.

ווען אימיצער אבער וויל פון די אידען מאכען פויערים, דאן געפינט ער זיך אין א מערקווירדיגען טעות. דער פויער איז א היסטארישער קלאס, און דאס דערקענט מען אם בעסטען אן זיין קליידונג, וואס איז אין די מייסטע לענדער שוין אלט הונדערטער יאהרען, ווי אויך אן זיינע ארבייטס־געצייג, וואס זיינען גענוי דיזעלבע ווי אין די צייטען פון זיינע עלטער־עלטער זיידעס. זיין אקער־אייזען איז נאך ווי אמאל, ער זייט פון פארטוך, שניידט ווי מיט דורות צוריק מיט דער קאסע און דרעשט מיט דעם פלעקעל. מיר וייסען אבער, אז פאר אט די אלע ארבייטען זיינען איצט פאראן מאשינען. די אגראר־פראגע איז אויך נאר א מאשינען־פראגע. אמעריקא מוז מנצח זיין איירא פא פונקט אזוי ווי דער גרויסער לאנד־באזיצער האט פארשלונגען דעם קליינעם. דער פויער איז דערפאר א פיגור וואס איז פאראורטיילט צום אפשטארבען. אויב מען דערהאלט היינט דאס פויערטום קינסטליך, איז דאס צוליב פאליטישע אינטערעסען, צוליב וועלכע עס ווערט אויסגענוצט. צו מאכען נייע פויערים נאך דעם אלטען רעצעפט איז אן אונמעגליכע און נארישע אנוטערנעמונג. קיינער איז ניט אזוי רייך אדער שטארק כדי צוריקצודרעהען די קולטור מיט געוואלט. שוין די דערהאלטונג פון פאראלטערטע קולטור־פארהעלטנישען איז אן אונגעהויערע אויפגאבע, פאר וועלכער אלע מאכט־מיטלען, אפילו פון אן אויטאקראטיש־געפיהרטער מלוכה, זיינען קוים אויסרייכענד.

הייסט עס, אז מען ערוואַרט פון דעם אידען, וועלכער איז אן אינטעליגענטער מענש, צו ווערען א פויער פון אלטען טיפ? דאס איז אלץ איינס, ווי מען זאל זאגען צו א אידען: „נא דיר א האנט־פאנצער און געה אין דער מלחמה" — וואס? מיט א האנט־פאנצער, בעת דער צד שכנגד איז אויסגעריסטעט מיט קליין־קאליבריגע

וואפען און קרופ־קאנאנען? אונטער אזעלכע באדינגונגען זיינען די אידען װעלכע מען וויל מאכען פאר פויערים פאלשטענדיג גערעכט ווען זיי ריהרען זיך ניט פון ארט; דער האנט־פאנצער איז א שעהנער כלי־זין און ער רופט ביי מיר ארויס ראמאנטישע שטימונגען ווען איך האב צייט, אבער זיין פלאץ איז אין מוזעאום.

געוויס, עס זיינען פאראן געגענטען, וואו די פארצוויפעלטע אידען געהען אדער זיינען גרייט צו געהן אפילו צו פעלד־ארבייט. דא שטעלט זיך ארויס, אז גראד די דאזיגע ערטער — ווי די געגענט פון העסען אין דייטשלאנד און מאנכע פראווינצען אין רוסלאנד — זיינען די הויפט־נעסטען פון אנטיסעמיטיזם.

מחמת די וועלט־פארבעסערער, וועלכע שיקען די אידען ארויס צו אקערען, פארגעסען זעהר א וויכטיגע פערזאן, וואס האט א גרויסע דעה אין דער זאך. דאס איז דער קריסטליכער פויער. אויך דער פויער איז גאנץ גערעכט. באדען־שטייערן, שניט־סכנות, דער דרוק פון די גרויסע לאנד־באזיצער וואס ארבייטען ביליגער און איבערהויפט די אמעריקאנער קאנקורענץ מאכען איהם דאס לעבען ביטער גענוג. דערביי קען מען דאך ניט דעם קארן־טאריף העכערען אהן א סוף. שליסליך קען מען דאך די פאבריק־ארבייטער אויך ניט לאזען שטארבען פאר הונגער. מען מוז זיך אפילו מיט זיי אלץ מעהר רעכענען, ווייל זייער פאליטישער איינפלוס האלט אין איין וואקסען.

אלע די דאזיגע שוועריגקייטען זיינען גוט באקאנט. איך דערמאן זיי נאר פארבייגעהענדיג. איך וויל דא נאר אנווייזען ווי ווערטלאז עס זיינען געוועזן די ביז־איצט געמאכטע לייזונגס־פארזוכען, געמאכטע מיט א באשטימטער כונה, אין די מייסטע פאלען אויך מיט א ליבענסווערטער. ניט די אפלענקונג און ניט די קינסטליכע אראפדריקונג פון גייסטיגען ניווא פון אונזער פראלעטאריאט קענען וואס אויפטאן. וואס פאר א גרויסע זאכען די אסימילירונג קען אויפטאן האבען מיר שוין געזעהן.

עס איז דערפאר קלאר, אז דעם אנטיסעמיטיזם איז ניט בייצוקומען. מען קען איהם ניט באזייטיגען אזוי לאנג ווי זיינע סבות זיינען ניט באזייטיגט. ווי שטעהט עס מיט די דאזיגע סבות? קען מען זיי באזייטיגען?

## די סבות פון אנטיסעמיטיזם.

מיר רעדען איצט ניט פון די פסיכאלאגישע סבות, פון די אלטע פאראורטיילען און מוחות־טעמפקייטען, נאר פון די פאליטישע און עקאנאמישע סבות. אונזער היינטיגען אנטיסעמיטיזם טאר מען ניט צונויפמישען מיט דעם רעליגיעזען אידען־האס פון אמאליגע צייטען, ניט קוקענדיג דערויף וואס אין איינצעלנע לענדער האט

ער אויך איצט נאָך אַ רעליגיעזען שטריך. דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פון דער אידען־פיינדליכער באוועגונג איז היינט אַ גאַנץ אַנדערער. אין זיינע הויפּט־צענטרען איז דער אַנטיסעמיטיזם אַ רעזולטאַט פון דער אידישער עמאַנסיפּאַציע. בעת די קולטור־פעלקער האָבען דערקענט די אונמענשליכקייט פון די אויסנאַהמע־געזעצען און האָבען אונז ערקלערט פאַר פרייע בירגער, איז די באַפרייאונג געקומען צו שפּעט. אין אונזערע ביז־איצטיגע וואוין־ערטער איז עס פּשוט געווען אוממעגליך אונז געזעליך צו עמאַנסיפּירען. מערקווירדיג, אין געטאָ זיינען מיר געוואָרען אַ מיטעלשטאַנדס־פאָלק, און דאָ זיינען מיר פלוצלונג ארויסגעקומען אַלס אַ שרעקליכע קאָנקורענץ פאַר דעם מיטעלשטאַנד. נאָך דער עמאַנסיפּאַציע האָבען מיר זיך פלוצלונג דערזעהן אין דעם קרייז פון דער בורזשואזיע און אונז איז אויסגעקומען אויסצוהאַלטען אַ דאָפּעלטען דרוק, פון אינווענינג און פון דרויסען. די קריסטליכע בורזשואזיע וואָלט אפשר גאָרניט געהאַט דאַגעגען אונז צוצוואַרפען אַלס אַ קרבן דעם סאָציאַליזם. דאָס וואָלט, פאַרשטעהט זיך, וועניג געהאָלפען.

ווי די זאַך זאָל ניט זיין, קען מען די געזעצליכע גלייכבארעכטיגונג פון די אידען, דאָרט וואו זי עקזיסטירט, ניט מעהר מבטל מאַכען. ניט נאָר דערפאַר ווייל דאָס וואָלט געווען געגען די מאָדערנע באַגריפען, נאָר אויך דערפאַר ווייל דאָס וואָלט אַלע אידען, אָרים און רייך, אריינגעטריבען אין די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. אין גרונט גענומען קען מען געגען אונז ניט אויפטאָן קיין ממשות׳דיגע זאַך. אין אמאָליגע צייטען פלעגט מען פון די אידען אוועקרויבען זייערע ווערט־זאַכען. ווי וואָלט מען אָבער געקענט היינט כאַפּען זייער באוועגליכעס פאַרמעגען, וואָס באַשטעהט פון געדרוקטע פּאַפּירלאַך און איז באַהאַלטען ערגעץ־וואו אין דער וועלט, אפשר גאָר אין קריסטליכע קאַסעס? געגען דעם איז אפילו יאָ פאַראַן אַ מיטעל — מען קען ארויפּלעגען גרויסע שטייערען אויף אַקציעס פון באַהנען, באַנקען און כל׳ערליי אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. ווער רעדט נאָך דאָרט, וואו עס איז איינגעפיהרט די פּראָגרעסיווע הכנסה־באַשטייערונג, דאָרט קען מען פאַרכאַפּען אויך דאָס גאַנצע באוועגליכע פאַרמעגען. אָבער נאָך אַלעמען איז דאָך אונמעגליך אַזעלכע שריט דורכצופיהרען בלויז געגען די אידען אַליין, און דאָרט וואו מען וואָלט עס יאָ פאַרזוכט וואָלט מען דערמיט ארויסגערופען שווערע עקאָנאָמישע קריזיסען, וועלכע וואָלטען דורכאויס ניט געבליבען באַשרענקט אויף די צוערשט־געטראָפענע אידען. די דאָזיגע אונמעגליכקייט בייצוקומען די אידען פיהרט דערצו אַז די שנאה ווערט נאָך שטאַרקער און ביטערער. דער אַנטיסעמיטיזם וואַקסט מיט יעדען טאָג און יעדער שעה, און מוז ווייטער וואַקסען, ווייל די סבות בלייבען עקזיסטירען און קענען ניט באַזייטיגט ווערען. איין סבה איז דאָס, וואָס שוין אין מיטעלאַלטער איז באַוויזען געוואָרען אַז מען קען אונז ניט אַסימילירען. אַ ווייטערע סבה איז אונזער איבער־פּראָדוקציע אין מיטעלערען אינטעליגענץ־קלאַס, פאַר וועלכען עס איז ניט פאַראַן קיין געברויך אין די אונטערשטע שיכטען און קיין מעגליכקייט ארויפצושטייגען — דאָס הייסט, ניט קיין געזונטער געברויך און ניט קיין געזונטער

אויפשטייג. נאָך אונטען ווערען מיר פּראָלעטאַריזירט און ווערען די אונטער־אָפּיצי־רען פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, און נאָך אויבען וואַקסט גלייכצייטיג אונזער אָפּשרעקענדע געלט־מאַכט.

## די ווירקונג פון אַנטיסעמיטיזם.

דער דרוק, וואָס ווערט געגען אונז אָנגעווענדט, מאַכט אונז ניט פּאַר בעסערע מענשען. מיר זיינען ניט אַנדערש ווי אַנדערע. מיר ליבען ניט אונזערע שונאים — דאָס איז אודאי אמת. נאָר דער, וועלכער קען זיך אַליין גובר זיין, האָט דאָס רעכט אונז צו מאַכען אַ פאָרוואורף צוליב דעם. עס איז נאַטירליך וואָס דער דאָזיגער דרוק רופט אַרויס ביי אונז אַ שנאה געגען אונזערע באַדריקער, און אונזער שנאה פאַרשאַרפט ווידער דעם דרוק. פון דעם דאָזיגען כשוף־צירקעל איז אונמעגליך אַרויס־צוקומען.

וווייך־האַרציגע בעלי־חלומות וועלען דערויף זאָגען: „דאָך, עס איז פּאַרט מעגליך!" נעמליך, דורך דער מענשליכער גוטסקייט, וואָס וועט ענדליך דאָך אַמאָל קומען".

איז עס נויטיג ערשט צו באַווייזען וואָס פּאַר אַ ווערט עס האָט דאָס דאָזיגע סענטימענטאַלע חלומ'ען? אויב אימיצער וואָלט בויען אויף דער גוטסקייט פון אַלע מענשען און ערוואַרטען אַז זי וועט פאַרבעסערען די לאַגע, וואָלט ער דאַן באמת געהאַט געשריבען אַן אוטאָפּיע!

וועגען אונזער אַסימילירונג האָב איך שוין גערעדט. איך זאָג אפילו ניט אויף קיין איין רגע, אַז איך וויל זי. אונזער פאָלקס־פּערזענליכקייט איז היסטאָריש צו באַריהמט און, ניט קוקענדיג אויף אַלע דערנידערונגען, צו הויך כדי צו ווינשען איהר אונטערגאַנג. אָבער אפשר וואָלטען מיר זיך פּאַרט פאַרמישט אומעטום צווישען אונזערע אַרומיגע פעלקער, ווען מען זאָל אונז לאָזען צו־רוה נאָר פּאַר צוויי דורות. מען וועט אונז אָבער ניט לאָזען צו־רוה. ווי נאָר עס געהט פאַרביי אַ קורצער פּעריאָד פון טאָלעראַנץ, וואַכט תמיד איבער־אַ־נייעס אויף די שנאה צו אונז. ווי עס ווייזט זיך אויס, ליגט אין אונזער עקאָנאָמישען וואוילשטאַנד עטוואָס אויפרייצענדעס, ווייל זייט פילע יאָהרהונדערטען איז די וועלט געוואוינט צו זעהן אין אונז די נידעריגסטע פון אַלע בעטלער און אָרימע־לייט. דערביי באַ־מערקט מען גאָרניט, צוליב אונוויסענהייט אָדער ענגהאַרציגקייט, אַז אונזער עקאָנאָ־מישער וואוילשטאַנד שוואַכט אונז אָפּ אַלס אידען און פאַרטיליגט אונזערע באַזונ־דערהייטען. נאָר דער דרוק טרייבט אונז צוריק צום אַלטען שורש, נאָר דער האַס פון דער סביבה מאַכט פון אונז ווייטער פרעמדע.

דערפאר זיינען און בלייבען מיר, צי מיר ווילען עס צי ניט, אַ היסטאָרישע גרופּע פון אַ באַשיינפּערליכער צוזאמענגעהעריגקייט.

מיר זיינען אַ פאָלק. דער שונא מאַכט דאָס פון אונז אָהן אונזער ווילען, ווי עס איז אַלעמאָל געווען אין דער געשיכטע. אין אַן עת צרה שטעהען מיר צוזאַמען און דאָ אנטדעקען מיר פּלוצלונג אונזער כח. יאָ, מיר האָבען דעם כח צו בויען אַ מדינה און טאַקע אַ מוסטער־מדינה. מיר באַזיצען אַלע מענשליכע און זאַכליכע מיטלען, וואָס פאָדערען זיך דערצו.

אייגענטליך וואָלט שוין דאָ געווען דער פּלאַץ צו ריידען פון אונזער „מענשען־מאַטעריאַל", ווי עס הייסט לויט דעם עטוואָס רויהען אויסדרוק. אָבער צוערשט מוז מען זיך באַקענען מיט די הויפּט־שטריכען פון דעם פּלאַן, אויף וועלכען מען דאַרף דאָך אַלצדינג באַציהען.

# דער פּלאַן

דער גאַנצער פּלאַן, לויט זיינע גרונט־פאָרמען, איז זעהר פּשוט. ער מוז עס אויך זיין, אויב אַלע מענשען זאָלען איהם לייכט פאַרשטעהן.

מען זאָל אונז איבערגעבען די מלוכה איבער אַ באַשטימטער שטיק טעריטאָריע, וואָס זאָל זיין גענוג לויט אונזערע באַרעכטיגטע פאָלקס־באַדערפנישען — אַלעס אַנדערע וועלען מיר שוין אַליין באַזאָרגען.

די גרינדונג פון אַ נייער מלוכה איז דורכאויס ניט קיין לעבערליכע אָדער אונמעגליכע זאַך. מיר האָבען דאָך געזעהן ווי דאָס פאַרווירקליכט זיך אין אונזער צייט אַליין, און גראָד ביי פעלקער, וואָס זיינען ניט קיין מיטעלשטאַנדס־פעלקער, אַזוי ווי מיר, נאָר אַ סך אַרימערע, אומוויסענדערע און דערמיט שוואַכערע פעלקער. די רעגירונגען פון די לענדער, וואָס ווערען געפּייניגט פון דער אַנטיסעמיטישער פּלאָג, דאַרפען זיין זעהר שטאַרק דערין פאַראינטערעסירט אַז מיר זאָלען די מלוכה באַקומען.

פאַר דער דאָזיגער אויפגאַבע, וואָס אין פּרינציפּ איז זי פּשוט, אָבער קאָמפּלי־צירט אין דער דורכפיהרונג, דאַרפען געשאַפען ווערען צוויי גרויסע קערפּערשאַפטען, די סאָסייעטי אָוו דזשוז און די דזשואיש קאָמפּאַני.

דאָס, וואָס די סאָסייעטי אָוו דזשוז גרייט־צו וויסענשאַפטליך און פּאָליטיש, פאַרווירקליכט די דזשואיש קאָמפּאַני אין לעבען.

די סאָסייעטי אָוו דזשוז גיט זיך אָפּ מיט דער ליקווידירונג פון אַלע פאַר־

מעגענס און געשעפטען פון די אויסוואנדערענדע אידען און ארגאניזירט אין דעם נייעם לאנד דעם עקאנאמישען פארקעהר.

די אידישע אויסוואנדערונג דארף מען זיך, ווי איך האב שוין געזאגט, ניט פאר־שטעלען ווי א פלוצלונגע געשעהעניש. זי וועט פארקומען ביסלאכווייז, לאנגזאם און וועט געדויערען צעהנדליגע יאהרען. צוערשט וועלען געהן די ארימסטע שיכטען און זיי וועלען דעם באדען קולטיווירען. לויט א פאראויס אויסגעארבייטען פלאן, וועלען זיי בויען גאסען, שאסייען, בריקען, באהנען; זיי וועלען איינריכטען דעם טעלעגראף, וועלען רעגולירען טייכען און בויען פאר זיך זייערע אייגענע היימען. אלס רעזולטאט פון זייער ארבייט אנטשטעהט א געשעפטליכער פארקעהר; דער פארקעהר שאפט מערק; די מערק ציהען צו נייע צופאהרער, מחמת יעדערער קומט פרייוויליג, אויף זיינע אייגענע הוצאות און אויף זיין אייגענער אחריות. די ארבייט, וואס מיר לעגען אריין אין לאנד, העכערט דעם ווערט פון באדען. די אידישע מאסען וועלען דא באלד דערקענען, אז פאר זייער ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט, צוליב וועלכע מען האט אונז אזוי געהאסט און פאראכט, האט זיך געעפענט א שטענדיגער אנט־וויקלונגס־געביט.

אויב מען וויל היינט־צו־טאג גרינדען א מדינה, דארף מען דאס ניט טאן לויט'ן אלטען שטייגער, וואס איז געווען דער איינציג־מעגליכער מיט טויזענט יאהר צוריק. עס איז נאריש זיך צוריק אראפצולאזען אויף אלטע קולטור־שטופען, ווי מאנכע פאלעסטינא־פריינד וואלטען וועלען. אויב, למשל, מיר זאלען היינט זיין געצוואונגען אפצורייניגען א לאנד פון ווילדע חיות, וואלטען מיר עס ניט געטאן לויט די מנהגים פון די אייראפעער פון פינפטען יאהרהונדערט. מיר וואלטען ניט ארויסמארשירט איינציגווייז מיט פייל־און־בויגען געגען די בערען, נאר מיר וואלטען ארגאניזירט א גרויסען לוסטיגען געיעג, מיר וואלטען אלע חיות צוזאמענגעטריבען אויף איין פלאץ און וואלטען ארייגעווארפען צווישען זיי א מעניליט־באמבע.

ווען מיר קלייבען זיך אויפצושטעלען געביידען, וועלען מיר ניט אוועקשטעלען פארוואָרפענע כאלופקעס לעבען א ברעג ים, נאר מיר וועלען בויען ווי מען פיהרט זיך אין דער היינטיגער צייט. מיר וועלען בויען א סך דרייסטער און שעהנער ווי ווען־עס־איז פריהער. ווייל מיר באזיצען מיטלען ווי נאך קיינמאל ניט אין דער געשיכטע. נאך די עקאנאמיש־ארימסטע קלאסען פאלגט ביסלאכווייז דער נאהנט־סטער עלעמענט. די אידען, וועלכע געפינען זיך איצט אין דער האפנונגסלאזער לאגע, געהען צוערשט. זיי ווערען געפיהרט פון אונזער מיטעלערער אינטעליגענץ, וואס מיר גיבען ארויס צופיל און וואס ווערט אומעטום פארפאלגט.

דער צוועק פון דעם דאזיגען בוך איז אוועקצושטעלען די פראגע פון דער אידי־שער וואנדערונג פאר דער אלגעמיינער דיסקוסיע. דאס מיינט אבער ניט, אז מען

זאָל אָפּהאַלטען אַ פאָלקס־אָפּשטימונג ווער עס זאָל אויסוואַנדערען. אויף אַזאַ אופן וואָלט די זאַך געווען לכתחילה פּאַרלאָרען. ווער עס וויל ניט געהן, דער זאָל בלייבען אין דער היים. דאָס, וואָס יחידים וועלען זיין דאַגעגען, איז אָהן באַדייטונג.

ווער עס וויל אָבער מיטגעהן, דער זאָל זיך שטעלען אַרום אונזער פאָהן און קעמפּפען פאַר איהר מיט אַלע גייסטיגע מיטלען.

די אידען, וואָס ערקלערען זיך אַלס פריינט פון אונזער שטאַאַטס־אידעע, גרו־פּירען זיך אַרום דער סאָסייעטי אָוו דזשוז. דערמיט באַקומט די סאָסייעטי די אויטאָריטעט צו ריידען און צו פאַרהאַנדלען מיט די רעגירונגען אין נאָמען פון די אידען. די סאָסייעטי ווערט אָנערקענט, כדי צו געברויכען אַ פעלקער־רעכטליכען פאַרגלייך, אַלס אַ שטאַאַטס־בילדענדע מאַכט. דערמיט וואָלט אויך דער שטאַאַט פּאַקטיש שוין געווען באַשאַפען.

אויב די מלוכות ווייזען אַרויס זייער גרייטקייט צו געבען דעם אידישען פאָלק די סוּווערעניטעט איבער אַ נייטראַלען לאַנד, דאַן וועט די סאָסייעטי אָנפיהרען די פאַרהאַנדלונגען וועגען דעם אָנגעבאָטענעם לאַנד. אין באַטראַכט קומען צוויי לענדער: פּאַלעסטינאַ און אַרגענטינאַ. אין די דאָזיגע ביידע לענדער זיינען פאָר־געקומען אינטערעסאַנטע קאָלאָניזאַציאָנס־פאַרזוכען — אמת, לויט דעם פאַלשען פּרינציפּ פון דעם ביסלאַכווייזען אריינדרינגען פון אידען. דאָס דאָזיגע אריינדרינגען מוז זיך אַלעמאָל ענדיגען שלעכט. ווייל עס מוז כסדר קומען די שעה, ווען די רעגירונג, געצוואונגען פון דער באַפעלקערונג וואָס הויבט זיך אָן פיהלען באַדראָהט, פאַרמאַכט דאָס לאַנד פאַר דער אידישער איינוואַנדערונג. עס איז דעריבער קלאָר, אַז די אויסוואַנדערונג האָט נאָר דעמאָלט אַ זין, ווען זי קען זיך שטיצען אויף אונזער געזיכערטער סוּווערעניטעט.

די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט, אונטען דעם פּראָטעקטאָראַט פון די אייראָפּע־אישע מלוכות, פאַרהאַנדלען מיט דער איצטיגער רעגירונג פון דעם באַטרעפענדען לאַנד, וויבאַלד נאָר זיי וועלען די זאַך איינגאַנצען באַגרייפען און וועלען דערצו צושטימען. מיר זיינען ביכולת צו ברענגען דער איצטיגער לאַנדעס־רעגירונג דעם גרעסטען נוצען. מיר קענען איבערנעמען אַ טייל פון איהרע מלוכה־חובות, מיר קענען בויען פאַרקעהרס־שאָסייען, וואָס מיר אַליין האָבען דאָך אויך נויטיג, און אַ סך אַנדערע זאַכען. שוין דורך דער אַנטשטעהונג פון דעם יודענשטאַאַט אַליין באַקומען די אַרומיגע לענדער אַ באַדייטענדען געווינס, ווייל די קולטיווירונג פון אַ לאַנד־שטח אין קלענערען אָדער גרעסערען מאַסשטאַב פיהרט צו אַ ווערט־פאַר־גרעסערונג פון די נעבען־לענדער.

# פאַלעסטינאַ אָדער אַרגענטינאַ?

זאָלען מיר געבען דעם פאָרצוג פאלעסטינא אָדער ארגענטינא? די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט נעמען וואָס מען וועט איהר געבען און פאַר דאָס וואָס די עפענטליכע מיינונג פון אידישען פאָלק וועט זיך ארויסזאָגען. די סאָסייעטי וועטביידע אָנבאָטען גענוי אונטערזוכען.

ארגענטינאַ איז איינע פון די נאַטור־רייכסטע לענדער פון דער וועלט. זי האָט אַ ריזיגען לאַנד־שטח מיט אַ קליינער באפעלקערונג און מיט אַ מיטעלמעסיגען קלימאַט. די אַרגענטינישע רעפובליק וואָלט געהאַט דערפון דעם גרעסטען נוצען, ווען זי זאָל אונז אָפּטרעטען אַ שטיק פון איהר טעריטאָריע. דאָס איצטיגע אריינ־דרינגען פון די אידען האָט דאָרטען, פאַרשטעהט זיך, ארויסגערופען אונצופרידענ־הייט. מען וואָלט געדארפט אויפקלערען ארגענטינאַ דעם אונטערשייד צווישען דער אַלטער און דער נייער אידען־איינוואַנדערונג.

פאלעסטינאַ איז אונזער אונפארגעסליכע היסטאָרישע היים. דער דאָזיגער נאָמען אַליין וואָלט געווען אַ ריהרענדער זאַמלונגס־רוף פאַר אונזער פאָלק. ווען זיין מאַיעסטעט דער סולטאַן וואָלט אונז אָפּגעגעבען פּאלעסטינא, וואָלטען מיר זיך אונטערגענומען, אַלס געגען־דינסט, איינגאַנצען צו ברענגען אין אָרדנונג די פינאַנצען פון דער טערקישער מלוכה. פאַר אייראָפּא וואָלטען מיר דאָרט געווען א מין שוץ־וואַנט געגען אַזיען. מיר וואָלטען דאָרט געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער קולטור אַנטקעגען דעם באַרבאַריזם. זייענדיג אַ נייטראַלע מדינה, וואָלטען מיר אויפגע־האלטען פריינדליכע באַציהונגען מיט גאַנץ אייראָפּא, וועלכע וואָלט מוזען גאַראַנ־טירען אונזער עקזיסטענץ. פאַר די קריסטליכע הייליגע פלעצער וואָלט מען געסענט שאַפען אַ זיכערונג דורך אַן אינטערנאַציאָנאַלער פאָרם פון עקסטעריטאָריאַליטעט. מיר וואָלטען איבערגענומען די עהרען־וואַך פון די הייליגע פלעצער און וואָלטען מיט אונזער עקזיסטענץ גאַראַנטירט די ערפילונג פון דער דאָזיגער פליכט. די דאָזיגע עהרען־וואַך וואָלט געווען דער סימבאָל פאַר דער לייזונג פון דער אידען־פראַגע, נאָך דעם פארלויף פון אזעלכע פאר אונז טרויעריגע אכצעהן הונדערט יאָהר.

# באַדערפעניש, אָרגאַן, פאַרקעהר

אין דעם פאָר־לעצטען קאפיטעל האָב איך געזאגט: „די דזשואיש קאמפּאני אָרגאַניזירט אין דעם נייעם לאַנד דעם ווירטשאפטליכען פארקעהר“.

איך האַלט עס פאַר נויטיג צוצוגעבען עטליכע אויפקלערונגען. פאַר אַ פּראָ־יעקט ווי דער איצטיגער איז עס אַן אמת'ע סכנה ווען די „פּראַקטישע“ מענשען זאָגען זיך ארויס געגען איהם. געוועהנליך זיינען אָבער די פּראַקטישע מענשען אַזוי

מעכאניזירט דורך זייערע טאָג־טעגליכע, קליינליכע געברויכען, אז זיי זיינען אונפעהיג ארויסצוגעהן פון דעם אלטען ענגען פּאָרשטעלונגס־קרייז. אָבער כדי צו שעדיגען האָט נאָך זייער געגנערשאַפט געגוג כח; וועניגסטענס אזוי לאַנג ווי דאָס נייע איז נאָך ניט שטארק גענוג כדי איינגאָנצען צו צוקלאַפּען די „פּראַקטיקער" מיט זייערע אָפּגעלעבטע פּאָרשטעלונגען.

בשעת אין אייראָפּא האָט זיך אָנגעהויבען די אייזענבאהן־צייט זיינען געווען פּראַקטיקער, וועלכע האָבען ערקלערט דאָס בויען פון געוויסע ליניעם פאר א נאַרישקייט, ווייל דאָרט האָט אפילו דער פּאָסט־דעליזשאַנס ניט גענוג פּאַסאַזשירען. דעמאָלט האָט מען נאָך ניט געוואוסט דעם אמת, וואָס איז היינט פאר אונז א קינדיש־פּשוט'ע זאַך: אז ניט די אייזענבאהן איז א רעזולטאַט פון די פּאַסאַזשירען, נאָר פאַרקעהרט, אז די פּאַסאַזשירען זיינען א רעזולטאַט פון די אייזענבאהנען, פּאָראויסזעצענדיג, נאַטירליך, אז עס עקזיסטירט ביי די מענשען דאָס באדערפניש דערצו.

אויב מאנכע וועלען זיך ניט קענען פּאָרשטעלען ווי אזוי דער ווירטשאַפט־ליכער פאַרקעהר פון די איינגעוואַנדערטע וועט רעגולירט ווערען, וועט מען אזא ספק מוזען דערפאר באצייכענען אלס א „פּראַקטישע" השגה פון דער ערב־אייזענבאהן־פּעריאָדע. א „פּראַקטיקער" וועט דערפאר פאַרביינגעהענדיג שטעלען פאָלגענדע שאלות:

„מסכים, אז די איצטיגע לאַגע פון די אידען איז אין א סך ערטער אן אונ־ערטרעגליכע און מוז אלץ ערגער ווערען; מסכים, אז עס אנטשטעהט דער חשק אויסצוואַנדערען; מסכים אפילו, אז די אידען וואַנדערען טאַקע אויס אין דעם נייעם לאַנד — אָבער ווי אזוי וועלען זיי דאָרט פאַרדינען אויף חיונה? דעם עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטליכען פאַרקעהר צווישען א סך מענשען קען מען דאָך ניט באשאַפען איבער־נאַכט".

דערויף ענטפער איך: עס איז גאָר קיין רייד ניט דערפון קינסטליך צו שאַפען א ווירטשאַפטליכען צווישען־פאַרקעהר און וועניגער פאר אלץ זאָל דאָס גע־מאַכט ווערען איבער־נאַכט. אויב מען קען דעם פאַרקעהר ניט ארויסרופען, קען מען דאָך אָבער שאַפען איניציאַטיוו־מעגליכקייטען פאר איהם. מען מוז באַזאָרגען דעם אָרגאַן פאר דער נאָכפראַגע. וויבאלד עס איז פאַראַן א באדערפניש, וויל עס אויסגעדריקט ווערען; איז פאַראַן א מעגליכקייט פאר אן אָרגאַן, וויל ער באַ־שאַפען ווערען. דער פאַרקעהר קומט דאַן פון זיך אליין. אויב עס איז אמת, אז אידען האָבען דאָס באדערפניש צו פאַרבעסערען זייער לאַגע, דאַן איז דער אָרגאַן פון דעם דאַזיגען באדערפניש, די צוקינפטיגע „דזשואיש קאָמפּאַני", מעכטיג גענוג. דער ווירטשאַפטליכער פאַרקעהר אין דעם נייעם לאַנד וועט זיך ממילא פאַרווירק־ליכען. עס פאַרשטעהט זיך, אז דאָס איז א זאַך, וואָס ליגט אין דער צוקונפט —

פונקט ווי די אנטוויקלונג פון דעם אייזענבאהן־פארקעהר איז פאַר די מענשען פון די דרייסיגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט געלעגען אין דער צוקונפט. די אייזענבאהנען זיינען פאָרט געבויט געוואָרען. גליקליכערוויזע האָט מען זיך ניט גערעכענט מיט די ספקות פון די פאָסט־דילעזשאַנס פראַקטיקער.

## די דזשואיש קאָמפּאַני — גרונט־שטריכען

די דזשואיש קאָמפּאַני איז געפּלאַנט א ביסעל לויט דעם מוסטער פון די גרויסע לאַנד־אויפקויף־געזעלשאַפטען — אַ מין אידישע טשאַרטער־קאָמפּאַני, מיט דעם אונטערשייד, וואָס זי האָט ניט קיין סואווערעניטעט־רעכט, און איהרע אויפגאַבען זיינען ניט באַגרעניצט אויף קאָלאָניאַלע אונטערנעמונגען אַליין.

די דזשואיש קאָמפּאַני ווערט געגרינדעט אַלס אַן ענגלישע אַקציען־געזעלשאַפט, לויט די געזעצען און אונטער דעם שוץ פון ענגלאַנד. די הויפּט־לייטונג געפינט זיך אין לאָנדאָן. ווי גרויס דאָס אַקציען־קאַפּיטאַל זאָל זיין, קען איך איצט ניט זאָגען. דאָס וועלען שוין אונזערע צאָהלרייכע פינאַנץ־פאַכלייט אויסרעכענען. כדי אָבער ניט צו אָפּערירען מיט אונבאַשטימטע ציפערען, נעהם איך אָן די סומע פון אַ מיליאַרד מאַרק. אפשר וועט די סומע דאַרפען זיין גרעסער און אפשר קלענער. לויט דעם אופן ווי אַזוי דאָס געלט וועט מוזען געשאַפען ווערען, וועגען וואָס מיר וועלען נאָך רעדען שפּעטער, וועט מען קענען באַשטימען וואָס פאַר אַ טייל פון דער גרויסער סומע עס וועט טאַטזעכליך מוזען איינגעצאָהלט ווערען ביים אָנהויב פון דער אַרבייט.

די דזשואיש קאָמפּאַני איז אַ פּאַרמיטלונגס־און איבערגאַנגס־אינסטיטוציע, זי איז אַ ריין־געשעפטליכע אונטערנעמונג, וואָס איז שטענדיג שטרענג אָפּגעשיידט פון דער סאָסייעטי אָוו דזשוז. די דזשואיש קאָמפּאַני האָט קודם כל די אויפגאַבע צו ליקווידירען דאָס אונבאַוועגליכע אייגענטום פון די אויסוואַנדערענדע אידען. דער אופן ווי אַזוי דאָס זאָל דורכגעפיהרט ווערען וועט דאַרפען אויסגערעכענט ווערען אַזוי, אַז עס זאָל ניט קומען צו קיין קריזיסען, אַז יעדערען זאָל געזיכערט ווערען דאָס זייניגע. דערביי וועט מען האָבען אין זינען, אַז דאָס איבערנעמען פון די אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס מצד די קריסטליכע מיטבירגער זאָל דורכגעפיהרט ווערען אין פריינדשאַפט און בעסטער אָרדנונג, וואָס מיר האָבען שוין פריהער אָנגעדייט.

## דער האַנדעל מיט אונבאַוועגליכע גיטער

דאָס אונבאַוועגליכע אייגענטום, וואָס קומט אין אַנבאַטראַכט, באַשטעהט פון הייזער, לאַנדגיטער, און פון לאָקאַלע געשעפטס־בונדען. צוערשט וועט די קאָמפּאַני אויף זיך נעמען נאָר די פּאַרמיטלונג פון דעם דאָזיגען אייגענטומס־פאַרקויף. אין דער ערשטער צייט וועט דאָך דער פאַרקויף מצד די אידען זיין אַ פרייוויליגער און אַן אונגעצוואונגענער און וועט פאָרקומען אָהן אַ גרעסערען פרייז־שטורץ. די אָפּטיילונגען פון דער קאָמפּאַני וועלען אין יעדער שטאָדט זיין די צענטראַלע פאַרקויפס־שטעלען פון אידישען אייגענטום. יעדע אָפּטיילונג וועט באַקומען נאָר אַ געוויסע פּראָוויזיאָן, כדי צו דעקען איהרע הוצאות.

וואָס וועט אָבער זיין ווען אין דער אנטוויקלונג פון דער באוועגונג וועלען די פרייזען פון די אונבאוועגליכע גיטער פאַלען און עס וועט זיך ארויסשטעלען פאַר אונמעגליך בכלל צו פאַרקויפען? אין דעם פאַל ווערט די פונקציע פון דער קאָמפּאַני אַלס אייגענטומס־פאַרמיטלער געטיילט אין נייע אַקטיוויטעטען. די קאָמפּאַני וועט ערקלערט ווערען אַלס דער פאַרוואַלטער פון די פאַר־לאָזענע גיטער און זי וועט וואַרטען אויף אַ שפּעטערען פאַסיגען צייט־פּונקט ווען דורכצופיהרען דעם פאַרקויף. זי מאָנט איין דירה־געלט, גיט אוועק אויף אַרענדע לאַנד־גיטער און זי באַשטימט געשעפטס־פיהרער. אויב מעגליך, וואָלט עס, כדי פּינקטליך אָפּצוהיטען דאָס אייגענטום, געווען ראַטזאַם צו באַשטימען אַזעלכע גע־שעפטס־פיהרער, וועלכע זיינען גלייכצייטיג אויך די פאַכט־איבערנעמער פון די גיטער. די קאָמפּאַני וועט אומעטום האָבען די טענדענץ עס צו דערלייכטערען פאַר די דאָזיגע פאַכט־איבערנעמער — קריסטען — אָפּצוקויפען דאָס אייגענטום. בכלל וועט זי ביסלאַכווייז באַזעצען איהרע אייראָפּעאישע אַנשטאַלטען מיט לויטער קריסט־ליכע באַאַמטע און פערזאָנען פון פרייע פּראָפעסיעס (ווי אַדוואָקאַטען א. אז. וו.). די דאָזיגע באַאַמטע זאָלען דורכאויס ניט פאַרוואַנדעלט ווערען אין קנעכט פון די אידען. אין דער זעלבער צייט וועלען די דאָזיגע באַאַמטע מיט זיך רעפּרעזענטירען די פרייע קאָנטראָל־אַמטען פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג און וועלען דינען אַלס אַ גאַראַנטיע, אַז אַלעס געהט אָרענטליך צו, אַז אַלעס ווערט געפיהרט מיט די בעסטע כונות און אַז אין ערגעץ ניט האָט מען בדעה ארויסצורופען אַן ערשיטערונג פון דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון לאַנד.

אויך וועט די קאָמפּאַני אויפטרעטען אַלס אַ דירעקטער אייגענטומס־פאַרקויפער. ריכטיגער, אַלס אַן אויסטוישער. זי וועט געבען אַ הויז פאַר אַ הויז, אַ גוט געגען אַ גוט — אָבער „דאָרטען“, אין דעם נייעם לאַנד. דאָ עפענט זיך אויף פאַר דער קאָמפּאַני אַ קוואַל פון גרויסע און עהרליכע פאַרדינסטען. „דאָרטען“ וועט זי אָפּגעבען אַלס אַן אויסטויש אַ פיל שעהנערע מאָדערנערע הויז, מיט אַלע באַקוועמליכקייטען. קאָסטען וועט עס איהר, אגב, אַ סך ווייניגער, מחמת דאָרט וועט זי דעם באָדען איינקויפען ביליג.

## דער לאַנד־קויף

דער באָדען, וואָס וועט באַוויליגט ווערען דער „סאָסייעטי אָוו דזשוז“ אויפ'ן סמך פון די פעלקער־רעכטליכע גאַראַנטיען, וועט נאַטירליך אויך קענען פאַרקויפט ווערען צו פּריוואַט־מענשען.

וואָס און ווי אַזוי אַ פּריוואַט־מענש טוט פאַר זיין באַזעצונג, געהערט ניט צו די פּראָבלעמען פון דעם איצטיגען בוך. די קאָמפּאַני אָבער נויטיגט זיך אין גרויסע לאַנד־שטחים פאַר איהרע און אונזערע באַדערפנישען. דורך אַ צענטראַ־

ליזירטען אויפקויף וועט זי זיך זיכערען דעם נויטיגען באָדען. הויפּטזעכליך וועט עס זיך האַנדלען וועגען דער דערוווערבונג פון די קרוין־לענדער, וואָס געהערען דער עקזיסטירענדער רעגירונג פון דעם באַטרעפענדען לאַנד. די אויפגאַבע איז דערפאַר, פון איין זייט „דאָרטען" צו קומען אין באַזיץ פון לאַנד אויסמיידענדיג אַן אויפשטייג פון די פּרייזען און, פון דער אַנדערער זייט, צו פאַרקויפען „דאָ", ניט דערלאָזענדיג אַז די פּרייזען זאָלען אַראָפּגעדריקט ווערען. פאַר אַ ווילדער ספּעקולאַציע איז דערביי ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, ווייל די קאָמפּאַני איז דאָך די קערפּערשאַפט וואָס פאַראורזאַכט די ווערט־שטייגונג פון לאַנד און זי פיהרט אויך דורך די באַזעצונג פון די אידען אין הסכם מיט דער קאָנטראָלירענדער סאָסייעטי אָוו דזשוז. די לעצטע וועט אויך דערפאַר זאָרגען, אַז פון דער אונטערנעמונג זאָל זיך ניט אויסלאָזען קיין פּאַנאַמאַ־סקאַנדאַל נאָר אַ סועץ־ערפאָלג.

די קאָמפּאַני וועט איהרע באַאַמטע פאַרקויפען בוי־פּלעצער אויף ביליגע באַדינגונגען, וועט זיי געבען קרעדיטען כדי צו בויען זייערע שעהנע היימען אָפּציהענדיג דאָס געלט פון זייער שכירות, אָדער פאַררעכענענדיג עס אַלס הוספות. דאָס וועט זיין פאַר די באַאַמטע אחוץ די אויסצייכנונגען וואָס וואַרטען אויף זיי אויך אַ געוויסע פאָרם פון באַלוינונג פאַר זייער טרייער אַרבייט.

די גאַנצע ריזיגע הכנסה פון דער באָדען־ספּעקולאַציע געהערט דער קאָמפּאַני. זי איז באַרעכטיגט צו אַן אונבאַשטימטען געלט־פאַרדינסט צוליב דער ריזיקע, וואָס זי נעמט אויף זיך. דאָס איז דער פאַל מיט יעדער אַנדערער פּרייער אונטערנעמונג. אומעטום, וואו עס איז פאַראַן אַ גרויסע ריזיקע ביי אַ געשעפטס־אונטערנעמונג, דאָרטען דאַרף מען איהר פאַרגינען אַ גרעסערע הכנסה. אָבער נאָר אין אַזעלכע פאַלען זיינען אַזעלכע הויכע פאַרדינסטען מאָראַליש דערלאָזבאַר. די געשעפטס־מאָראַל ווערט באַשטימט לויט דער ריזיקע, מיט וועלכער אַן אונטערנעמונג איז פאַרבונדען.

# די בנינים

די קאָמפּאַני וועט, ווי מיר זעהען, אויסבייטען הייזער און נחלאות. פון באָדען מוז זי אַרויסשלאָגען קאַפּיטאַל. דאָס איז קלאָר פאַר יעדערען ווער עס האָט נאָר ווען־עס־איז און ערגעץ־וואו געהאַט אַ געלעגענהייט צו באַאָבאַכטען ווי דער ווערט פון באָדען ווערט געשטייגערט דורך קולטיווירונג און באַבויאונג. דאָס זעהט מען אַם בעסטען, ווען אַ געגענט אַרום שטאָדט און דאָרף ווערט באַבויט. דערמיט וואָס אַ געגענט ווערט קולטיווירט ווערען די שכנות'דיגע לעדיגע פּלעצער טייערער אין פּרייז. אַזאַ געניאַלע, כאָטש איינפאַכע, באָדען־ספּעקולאַציע האָבען אַרויסגעוויזען די פּאַריזער שטאָדט־אויסברייטער, וואָס האָבען די נייע בנינים ניט אויפגעבויט נעבען די לעצטע הייזער פון דער שטאָדט נאָר האָבען גענומען בויען ביים סוף פון

די פּלעצער, וואָס זיי האָבען פריהער איינגעקויפט הינטער דער שטאָדט. א דאַנק דעם דאָזיגען אומגעקערטען בוי־סדר איז דער ווערט פון די בוי־פּלעצער שטאַרק געשטיגען. אָנשטאָט אַלעמאָל צו האַלטען אין בויען די לעצטע הייזער פון שטאָדט איז אויסגעקומען אַלץ צו בויען אין מיטען פון דער שטאָדט, ד. ה. אויף בוי־פּלעצער וואָס זיינען געוואָרען א סך העכער אין ווערט.

וועט די קאָמפּאַני זיך אַליין באַשעפטיגען מיט דעם בויען אָדער זי וועט דערמיט באַאויפטראַגען פרייע ארכיטעקטען? זי קען און זי וועט אויך טאָןביידע זאכען. אין איהר רשות שטעהט, ווי מיר וועלען באלד זעהן, א גרויסער רעזערוו פון ארבייטס־כחות. די ארבייטער טאָרען בשום אופן ניט ווערען עקספּלואַטירט. עס זאָלען געשאַפען ווערען פאַר זיי גליקליכע און אַנגענעהמע לעבענס־באַדינגונגען, און דאָך דאַרף דאָס ניט טייער קאָסטען. וואָס איז שייך צו בוי־מאַטעריאַל, דער־פאַר וועלען שוין זאָרגען אונזערע געאָלאָגען בעת זיי וועלען אויסזוכען פּאַסיגע געגענדען וואו אויפצובויען די שטעדט.

אויף וואָס פאַר א פּרינציפּ וועלען די בוי־ארבייטען דורכגעפיהרט ווערען?

# ארבייטער־דירות

די וואוין־הייזער פאַר די ארבייטער (דערין ווערען אריינגערעכענט די דירות פאַר אַלע האַנט־ארבייטער) דאַרפען זיין אויסגעבויט לויט זייער אייגענעם מוסטער. איך האָב דערביי בשום אופן ניט אין זינען די טרויעריגע ארבייטער־קאַזאַרמעס פון די אייראָפּעאישע שטעדט, און ניט די עלענדע כאַלופּקעס וואָס שטעהען איינע נעבען די אַנדערע אַרום פאַבריקען. אונזערע ארבייטער־הייזער מוזען, אמת, אויך אויס־קוקען גלייך — ווייל די קאָמפּאַני, אויב זי זאָל בויען אין א גרויסען מאַסשטאַב, מוז בויען ביליג — אָבער די דאָזיגע איינצעלנע הייזער מיט זייערע גערטעלאַך וועלען אין יעדען פּלאַץ בילדען פאַראייניגטע שעהנע הייזער־גרופּען. די נאַטירליכע שעהנקייט פון דער געגענט וועט ארויסרופען די פריידיגע שאַפונגס־קראַפט פון אונזערע יונגע, ניט מעכאַניזירטע ארכיטעקטען, און ווען די מאַסע וועט אפילו ניט פאַרשטעהן דעם גרויסען שטריך פון גאַנצען בילד, וועט זי זיך דאָך פיהלען זעהר גוט אין דער דאָזיגער לייכטער און פריינדליכער הייזער־גרופּירונג. די סינאַגאָגע וועט דאָרט זיין געבויט אַזוי, אַז מען זאָל זי קענען זעהן פון דערווייטען, מחמת, נאָך אַלעמען האָט אונז דאָך נאָר די אַלטע אמונה צוזאַמענגעהאַלטען. דאָרט וועלען אויך זיין פריינדליכע, ליכטיגע, געזונטע שולעס פאַר קינדער, מיט אַלע מאָדערנע לערן־מיטלען. אחוץ דעם — שולען פאַר האַנדווערקער מיט העכערע צוועקען, וואָס זאָלען מעגליך מאַכען פאַר דעם פּשוט'ן בעל־מלאָכה צו באַקומען טעכנאָלאָגישע ידיעות און זיך צו באַקענען ווי ארומצוגעהן מיט מאַשינען. ווייטער וועלען מיר

דאָרט האָבען פּאָלקס־הייזער, וואָס די סאָסייטי אָוו דזשוז וועט פיהרען מיט א. העכערען מיין אין די אינטערעסען פון דער מאָראַלישער ערציהונג.

אגב, וויל איך איצט ריידען פון די בנינים און ניט דערפון וואָס עס וועט פאָר־קומען אין זיי.

איך זאָג, אז די קאָמפּאַני וועט בויען די ארבייטער־דירות ביליג. זי וועט דאָס קענען טאָן ניט נאָר צוליב דעם וואָס די בוי־מאַטעריאַלען וועלען זיין אין גרויסע קוואַנטיטעטען, ניט נאָר צוליב דעם וואָס די בוי־פּלעצער וועלען געהערען דער קאָמפּאַני, נאָר אויך צוליב דעם ווייל זי וועט ניט דארפען באַצאָהלען די ארבייטער.

די פּאַרמערס אין אמעריקא האָבען א סיסטעם זיך איינער דעם צווייטען אויס־צוהעלפען ביים הייזער־בויען. דער דאָזיגער קינסטליכער סיסטעם — האָמעטנע ווי די בלאָק־הייזער וואָס ווערען אזוי אויפגעבויט — קען שטארק פארפיינערט און פאראיידעלט ווערען.

# די ניט־געלערנטע ארבייטער

(אָנסקילד לייבאָרערס)

אונזערע ניט־געלערנטע ארבייטער, וואָס וועלען קומען צוערשט פון די גרויסע מאַסען אין רוסלאַנד און רומעניען, וועלען זיך אויך מוזען העלפען איינער דעם צווייטען ביים בויען זייערע הייזער. ביים אָנהויב וועלען מיר דאָך ניט האָבען קיין אייגענעם אייזען און וועלען מיר דאָך אויך מוזען בויען מיט האָלץ. שפּעטער וועט עס ווערען אַנדערש און די אָרימע געביידען, וואָס וועלען מוזען אויפגעשטעלט ווערען בשעת הדחק אין דער ערשטער צייט, וועלען מאַכען פּלאַץ פאַר בעסערע.

אונזערע „אָנסקילד לייבאָרערס" מוזען זיך געגענזייטיג אויסבויען זייערע דירות און דאָס איז מען זיי מודיע נאָך איידער זיי לאָזען זיך אין וועג אריין. פאַר זייער ארבייט באַקומען זיי אָבער די הייזער געשענקט אלס זייער אייגענטום — אמת, ניט תיכף ומיד, זיי באַקומען דאָס אין דריי יאָהר ארום, נאָכדעם ווי זיי באַווייזען, אז זיי האָבען זיך גוט אויפגעפיהרט. אויף אזא אופן וועלען מיר באַקומען פלייסיגע, צוגעבונדענע מענשען, און א מענש וואָס האַלט זיך אין דיסציפּלין דריי יאָהר נאָכ־אַנאַנד איז ערצויגען פאַר זיין גאַנץ לעבען.

איך האָב פריהער געזאָגט, אז די קאָמפּאַני דאַרף די דאָזיגע ניט־געלערנטע ארבייטער גאָר ניט צאָהלען. אָבער פון וואַנען וועלען זיי לעבען?

בכלל בין איך אַ געגנער פון דער טראַק־סיסטעם (לויט וועלכען דער ארבייטס־לוין ווערט אויסגעצאָהלט מיט לעבענס־מיטלען און געברויכס־זאכען), אָבער ביי דער דאָזיגער ערשטער לאַנד־באַזעצונג מוז דער דאָזיגער סיסטעם דאָך אָנגעווענדט ווערען. סיי ווי סיי וועט די קאָמפּאַני דאָך מוזען זאָרגען פאַר זיי אין אַ סך זאכען, וועט זי שוין איבערנעמען אויך זייער שפּייזונג. דער דאָזיגער סיסטעם וועט בכלל אָנגע־ווענדט ווערען נאָר אין די ערשטע עטליכע יאָהר און פאַר די ארבייטער וועט דאָס אויך זיין אַ גרויסע טובה, ווייל דערמיט ווערען זיי אָפּגעהיט פון דער וואוכעריי מצד די קליינהענדלער און אזוי ווייטער. אגב, דערלאָזט די קאָמפּאַני דערמיט אויך ניט דערצו, אז אונזערע קליינע מענשעלאַך זאָלען זיך דאָרט אריינוואַרפען אין הענדלעריי, צו וועלכער זיי זיינען אין זייערע אַלטע היימען אויך נאָר געצוואונגען געוואָרען דורך דער היסטאָרישער אנטוויקלונג. דערמיט באקומט די קאָמפּאַני אויך דעם קאָנטראָל איבער פאַרדאָרבענע עלעמענטען, ווי די שכורים און אויסגעלאַסענע. הייסט עס, וועט מען פרעגען, וועט אין דער ערשטער צייט פון דער לאַנד־באַזעצונג איינגאַנצען ניט עקזיסטירען קיין ארבייטס־לוין?

דאָך, אַן איבער־לוין וועט עקזיסטירען.

## דער זיבען שעה'דיגער ארבייטס־טאָג

דער נאָרמאַלער ארבייטס־טאָג וועט זיין דער זיבען־שעה'דיגער ארבייטס־טאָג!

דאָס מיינט ניט, אז מעהר ווי זיבען שעה אַ טאָג וועט מען ניט טאָרען ניט האַקען קיין בוימער, ניט גראָבען קיין ערד, ניט פיהרען קיין שטיינער, און ניט טאָן די אַנדערע הונדערטע נויטיגע ארבייטען. ניין, מען וועט ארבייטען פערצעהן שעה אַ טאָג. אָבער די ארבייטער־מחנות וועלען זיך מוזען בייטען אַלע דריי און אַ האַלב שעה. די אָרגאַניזאַציע וועט זיין אַ גאַנץ מיליטערישע, מיט גראַדען, שטייגערונגען און מיט רעכט אויף פּענסיעס. פון וואנען עס זאָלען גענומען ווערען די געלט־מיטלען פאַר פּענסיעס, וועט שפּעטער ערקלערט ווערען.

אין פאַרלויף פון דריי און אַ האַלב שעה קען אַ געזונטער מענש אויפטאָן אַ סך קאָנצענטרירטע ארבייט. נאָך אַן אונטערברעכונג פון דריי און אַ האַלב שעה, — וואָס ער פאַרווענדט פאַר זיין רוהע, זיין פאַמיליע אָדער זיין פאַך־אויסבילדונג, — איז ער ווידער גאַנץ פריש. אַזעלכע ארבייטס־כחות קענען אויפטאָן וואונדער.

דער זיבען־שעה'דיגער ארבייטס־טאָג! דורך איהם קען מען דערגרייכען פיער־צעהן אַלגעמיינע ארבייטס־שטונדען — מעהר געהט ניט אריין אין אַ טאָג.

איך בין איבערצייגט, אז דער זיבען־שעה'דיגער ארבייטס־טאָג איז פאָלשטענדיג דורכפיהרבאַר. די פּאַרזוכען אין בעלגיען און אין ענגלאַנד האָבען דאָס באַוויזען.

עטליכע פּראָגרעסיווע סאָציאַל־פּאָליטיקער זאָגען אפילו, אז דער פינף־שעה׳דיגער ארבייטס־טאָג וואָלט געווען פאָלקאָם גענוג. די סאָסייעטי אָוו דזשוז און די קאָמפּאַני וועלען זיין ביכולת דורך דער פּראקטיק צו זאַמלען א סך נייע רייכע מאַטעריאַלען וועגען דער פראַגע—וואָס וועט צוניץ קומען אויך די אַנדערע פעלקער פון דער וועלט—און ווען עס וועט זיך ארויסשטעלען, אַז דער זיבען־שעה׳דיגער ארבייטס־טאָג איז פּראַקטיש דורכפיהרבאַר, דאַן וועט אונזער צוקינפטיגע מדינה איהם איינפיהרען אַלס דעם געזעצליכען נאָרמאַלען ארבייטס־טאָג.

נאָר די קאָמפּאַני וועט זיין ביכולת נאָכאַנאַנד צו באַווילינגען איהרע ארבייטער דעם זיבען־שעה׳דיגען ארבייטס־טאָג. זי וועט אויך אַלעמאָל זיין אין דער לאגע דאָס צו טאָן.

מיר ברויכען אָבער דעם זיבען־שעה׳דיגען ארבייטס־טאָג אויך אַלס אַ צוציהענדען לאָזונג פאַר אונזערע מאַסען איבער דער וועלט. מיר ווילען דאָך, אַז זיי זאָלען קומען פרייווילּיג, פון זיך אליין. מיר ווילען, אַז עס זאָל זיין באמת דאָס געבענשטע לאַנד...

ווער עס ארבייט אָבער מעהר ווי זיבען שעה, דער באַקומט אויסגעצאָהלט זיין איבער־לוין פאַר דער איבער־צייט אין געלט. היות ווי אַלע זיינע הצטרכות׳ן זיינען דאָך געדעקט און זיינע ארבייטס־אונפעהיגע פאַמיליען־מיטגלידער וועלען פאַרזאָרגט ווערען פון די צענטראַליזירטע הילפס־געזעלשאַפטען וואָס וועלען אַריבערגעטראָגען ווערען אויף׳ן נייעם אָרט פון דער אַלטער היים, וועט ער קענען עטוואס אפּשפּאָרען. מיר דאַרפען פאַרשטאַרקען ביי אונזערע מענשען די ביי זיי שוין אַזוי אויך פאַראַנענע נטיה אָפּצושפּאָרען, ווייל דערמיט ווערט דעם יחיד לייכטער זיך ארויפצואַרבייטען צו אַ העכערער שיכט און ווייל אויף אַזאַ אופן באַקומען מיר אַן אונגעהייערען קאַפּיטאַל־רעזערוו פאַר צוקינפטיגע הלוואות.

די איבער־צייט פון זיבען־שעה׳דיגען ארבייטס־טאָג טאָר ניט געדויערען מעהר ווי דריי שעה, און אויך דאָס נאָר נאָך אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג. מען דאַרף דערמיט רעכענען, אַז אונזערע אידען וועלען זיך אין זייערע נייע לעבענס־באַדינגונגען דייסען צו דער ארבייט, און די וועלט וועט ערשט דערזעהן וואָס פאַר אַן ארבייטס־ווילּיגעס פאָלק מיר זיינען.

איך לאָז זיך איצט ניט אריין אין דער פראַגע ווי אַזוי דער טראָק־סיסטעם דאַרף איינגעפיהרט ווערען ביי אונזער לאַנד־באַזעצונג, געגוי ווי איך גיב זיך ניט אָפּ מיט אַ סך איינצעלהייטען, כדי ניט צו פאַרפּלאָנטערען דעם ענין. פרויען ווערען איבערהויפּט ניט צוגעלאָזען צו שווערע ארבייטען און טאָרען ניט ארבייטען קיין איבער־צייט. שוואַנגערע פרויען זיינען פרוי פון יעדער ארבייט און באַקומען אַ

בעסערע ערנעהרונג. מיר האָבען נויטיג אין דער צוקונפט אַ געזונטען דור.
די קינדער ערציהען מיר פון אָנפאַנג אָן אַזוי ווי מיר ווילען. אין דעם לאַז איך זיך איצט ניט אריין.

דאָס, וואָס איך האָב דאַ געזאָגט וועגען די ניט־געלערענטע ארבייטער און זייער לעבענס־שטייגער אין שייכות מיט די ארבייטער־דירות, איז אויך ניט קיין אוטאָפּיע. דאָס אַלעס קומט שוין אין דער ווירקליכקייט פאָר, נאָר עס איז זעהר און זעהר קליין, מען באמערקט עס ניט און מען פארשטעהט עס ניט. די געזעלשאַפט „הילף דורך ארבייט", מיט וועלכער איך האָב זיך גרינדליך באקענט אין פּאַריז, איז געוועזן פאַר מיר פון גרויסען ווערט פאַר דער לייזונג פון דער אידען־פראַגע.

## די הילף דורך ארבייט

די הילף דורך ארבייט, ווי זי איז איצט איינגעפיהרט אין פּאַריז און אין פאַר־שיידענע שטעדט אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, שווייץ און אין אמעריקא, איז געגרינדעט אויף אַ יאָמערליך קליינעם מאַסשטאַב. דערביי וואָלט מען קענען מאַכען דערפון אַ געוואַלדיג גרויסע זאַך. וואָס איז דער פּרינציפּ פון „הילף דורך ארבייט"?

דער פּרינציפּ איז, אַז מען גיט יעדען נויט־לײַדענדען, ניט־געלערענטען (אַנ־סקילד) ארבייטער אַ לייכטע ארבייט, וואָס מען דאַרף ניט ערשט לערנען, ווי, למשל, צושניידען האָלץ אין קליינע שטיקלאַך אָדער מאַכען „מאַרגאַטינס", מיט וועל־כע מען מאַכט פייער אין די פּאַריזער קיכען־אויוועגס. דאָס איז אַ מין געפענגנים־ארבייט אַיידער מען באגעהט דאָס פארברעכען, ד. ה. אָן ארבייט אָהן שאַנדע. קיינער דאַרף מעהר ניט ווערען קיין פארברעכער אויס נויט אויב ער וויל נאָר טאָן וועלכע עס איז ארבייט. צוליב הונגער דאַרף מעהר קיינער ניט באַגעהן קיין זעלבסטמאָרד. די דאָזיגע ערשיינונגען זיינען איבערהויפּט די מיאוס'סטע שאַנד־פלעקען אויף אַ קולטור, אין דער צייט ווען פון די טישען פון די רייכע ווערען די טייערסטע מאכלים צוגעוואָרפען פאַר די הינט.

הייסט עס, אַז די ארבייטס־הילף גיט יעדערען ארבייט. האָט זי דען אַ מאַרק, וואו צו פארקויפען איהרע סחורות? ניין, ווענינגסטענס ניט קיין גענוגענדען מאַרק. דאַ ווייזט זיך ארויס דער גרויסער חסרון פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע. די ארבייטס־הילף אָפּערירט שטענדיג מיט אַ דעפיציט. אמת, זי איז לכתחילה צוגע־גרייט דערצו. זי איז דאָך אַ מין צדקה־אנשטאַלט. דעם דיפערענץ צווישען די זעלבסט־קאָסטען און דעם פארקויפס־פּרייז דעקט די נדבה. אַנשטאָט צו געבען דעם בעטלער אין גאַס צוויי סו, גיט זי איהם אָן ארבייט, צו וועלכער זי לעגט צו צוויי סו. דער גאַסען־בעטלער אָבער ווערט דערביי אָן אנשטענדיגער ארבייטער און פאַרדינט 1 פראַנק און 50 סאַנטים. אַנשטאָט 10 סאַנטימס באקומט ער 150! ד. ה. דער־

פיהרען די רעזולטאטען פון דער צדקה, וואס איז ניט מעהר קיין בזיון, צו פופצעהן מאל אזויפיל. מיט אנדערע ווערטער, פון איין מיליארד קען מען מאכען פופצעהן מיליארד!

עס איז אבער א גרויסער חלוק אין אונזער ענין. די ארבייטס־הילף פאר־לירט די צעהן סאנטים. די דזשואיש קאמפאני וועט דעם מיליארד ניט אנווערען. פארקערט, זי וועט נאך מאכען געוואלדיגע פראפיטען.

דערצו קומט נאך א מאראלישער מאמענט. אויך מיט דער קליינער ארבייטס־הילף, ווי זי עקזיסטירט איצט, דערמונטערט מען די מענשען מאראליש, ביז דער ארבייטסלאזער מענש געפינט א פאסיגע שטעלע אין זיין אמאליגען אדער נייעם בארוף. עטליכע שעה אין טאג בלייבען איהם נאך פריי כדי צו זוכען ארבייט. אויך דינט די „ארבייטס־הילף" אלס א פארמיטלונגס־אמט פאר ארבייט.

דער גרויסער חסרון פון דער דאזיגער קליינער איינריכטונג באשטעהט דערין, וואס מען טאר ניט מאכען קיין קאנקורענץ די אנדערע געשעפטען. די האלץ־הענדלער, למשל. זיי זיינען וועהלער, זיי וועלען שרייען און פראטעסטירען, און זיי וועלען זיין גערעכט. מען טאר אויך דער מלוכה ניט מאכען קיין קאנקורענץ אין די פראבלעמען פון איהרע געפענגניש־ארבייטען. די מלוכה מוז דאך איהרע פאר־ברעכער באשעפטיגען און אויסהאלטען. אין דער אלטער געזעלשאפט וועט פאר דער „הילף דורך ארבייט" איבערהויפט זיין שווער צו געפינען א פלאץ.

אבער אין אונזער נייער געזעלשאפט איז פאראן פאר איהר א פלאץ!

קודם כל באנויטיגען מיר זיך אין גרויסע מאסען ניט־געלערנטע ארבייטער פאר אונזערע ערשטע עפענטליכע ארבייטען, פאר שאסעען־בויען, באוואלדונגען, גרונט־אויסגראבונגען, באהן־ און טעלעגראפען־ארבייטען. דאס וועט אלעס דורכ־געפיהרט ווערען לויט א גרויסען, אין פאראויס קלאר באשטימטען פלאן.

# די באשאפונג פון דעם מארק

דערמיט וואס מיר טראגען אריבער די אקטיוויטעט אין דאס נייע לאנד שאפען מיר דארט גלייכצייטיג א מארק פאר סחורות. אין אנהויב פארשטעהט זיך נאר א מארק פאר די נויטוועגדיגע לעבענס־באדערפנישען ווי, למשל, פיה־צוכט, תבואה, ארבייטער־קליידער, ווערקצייג, געוועהר א. אז. וו. די ערשטע צייט וועלען מיר די אלע זאכען איינקויפען אין די שכנות'דיגע לענדער אדער אין אייראפא און אזוי גיך ווי מעגליך וועלען מיר פרובירען דאס אלץ אליין צו פראדוצירען. די אידישע

אונטערנעמער וועלען באלד פארשטעהן וואס פאר א גוטע אויסזיכטען עס שטעהען דא פאר זיי.

ביסלאכווייז וועט אנטשטעהן א פאדערונג פאר פיינערע זאכען צוליב די באדערפנישען פון דער גרויסער מחנה באאמטע פון דער קאמפאני (צו די באאמטע רעכען איך אויך די אפיצערען פון דעם שוץ־קארפוס, צו וועלכען עס וועט אלעמאל זיין אנגעשלאסען אונגעפעהר א צעהנטעל פון די מענליכע איינוואנדערער. דאס וועט זיין גענוג געגען די בונטען פון שלעכטע עלעמענטען, די מייסטע זיינען דאך פרידליך געשטימט).

די באדערפנישען פון די בעסער־געשטעלטע באאמטע נאך פיינערע זאכען באשאפען ווידער א פיינערען מארק, וואס וועט זיך אלץ מעהר אנטוויקלען. וויבאלד נאר זיי האבען אן אייגענע היים, וועלען די פארהייראטע באאמטע אריבערנעמען צו זיך זייערע פאמיליעס, די אונפארהייראטע — זייערע עלטערען און גע־שוויסטער. מיר זעהען די זעלבע באוועגונג צווישען די אידען, וועלכע וואנדערען איצט אוים קיין אמעריקא. וויבאלד אימיצער האט נאר א שטיקעל ברויט, ברענגט ער באלד אריבער זיין משפחה. דער פאמיליען־בונד איז דאך אזוי שטארק ביי אידען. די סאסייעטי און די דזשואיש קאמפאני וועלען אנטוויקלען א געמיינזאמע טעטיגקייט כדי נאך מעהר צו שטרקען און צו באפעסטיגען דאס אידישע פאמיליען־לעבען. איך מיין דא ניט אין מאראלישער באציהונג — דאס איז זעלבסטפארשטענדליך — נאר אין מאטעריעלער. א באאמטער וועט זיין בא־רעכטיגט צו א הוספה ווען ער האט חתונה אדער ווען זיין פאמיליע פארגרעסערט זיך. מיר ברויכען מענשען, אלעמען — די וועלכע זיינען דא און די וואס וועלען נאך קומען.

## אנדערע קלאסען היימען

איך האב אונטערבראכען מיין הויפט־טעמא ביי דער פראגע וועגען בויען ארביי־טער־דירות. איך וואלט וועלען צוריקקומען צום ענין און זיך אפשטעלען אויף אנדערע קלאסען היימען. די קאמפאני וועט דורך איהרע ארכיטעקטען בויען הייזער אויך פאר די קלענערע בעלי־בתים פאר אויסטויש אדער פאר געלט. די קאמפאני וועט באקומען פון איהרע ארכיטעקטען אן ערך הונדערט מאדעלען פון אזעלכע הייזער־טיפען אין צאהלרייכע שעהן־געצייכענטע עקזעמפליארען. די דאזיגע שעהנע מוסטערען וועלען אויך זיין א טייל פון דער פראפאגאנדא. יעדע הויז האט איהר פעסטען פרייז. די קוואליטעט פון דער ארבייט ווערט גאראנטירט פון דער קאמ־פאני, וואס וויל דערביי גארניט פארדינען. ביי דער באהאנדלונג פון די לאקאלע גרופען וועלען מיר ריידען וועגען דעם, וואו די הייזער זאלען שטעהן.

אזוי ווי די קאָמפּאַני האָט ניט קיין שום רוחים פון די בוי־ארבייטען, נאָר פון באָדען אַליין, וואָלט עס געווען זעהר ווינשענסווערט אז וואָס מעהר פּריוואַט־מענשען זאָלען בויען און באשעפטיגען, ווי פיל נאָר מעגליך, א סך פרייע ארכי־טעקטען. צוליב דעם שטייגט דער ווערט פון באָדען־באזיץ, צוליב דעם קומט אריין אין לאַנד דער לוקסוס, און דעם לוקסוס האָבען מיר נויטיג צוליב פארשיידענע צוועקען, איבערהויפּט צוליב דער קונסט, אינדוסטריע און אין א שפּעטערער צוקונפט צוליב דעם צוזאַמענבררוך פון די גרויסע פארמעגענס.

מחמת די רייכע אידען, וועלכע מוזען איצט אין מורא באהאַלטען זייערע רייכ־טימער פון פרעמדע אויגען און מוזען געבען זייערע פעסט־מאָלצייטען ביי פארמאכטע לאָדענס, וועלען דאָרט קענען זייערע עשירות פריי געניסען. ווען די דאָזיגע אויס־וואַנדערונג וועט ווערען פארווירקליכט מיט זייער הילף, דאַן וועט דאָס קאַפּיטאַל ביי אונז אין אונזער לאַנד זיך האָבען אויסגעקויפט זיינע עבירות; עס וועט האָבען באוויזען זיין נוצליכקייט ביי א זעלטענער פאָלקס־זאַך. ווען די רייכסטע אידען וועלען אָנהויבען צו בויען זייערע פּאַלאַצען, אויף וועלכע מען קוקט שוין אין אייראָפּא מיט קרומע אויגען, אין אונזער לאַנד, וועט עס באַלד אריינגעהן אין דער מאָדע דאָרטען צו בויען פּרעכטיגע הייזער.

## עטליכע פאָרמען פון דער ליקווידירונג

די דזשואיש קאָמפּאַני זאָל זיין לויט'ן פּלאַן דער איבערנעמער אָדער פארוואַל־טער פון דעם אידישען אונבאַוועגליכען אייגענטום.

ביי הייזער און באָדען לאָזען זיך די אויפגאַבען לייכט אויסארבייטען. ווי איז אָבער בנוגע ליקווידירונג פון געשעפטען?

דאָ וועלען קענען אָנגעווענדט ווערען מעהרערע פאָרמען. מען קען זיי גאָר ניט אין פאָראויס קלאָר צוזאַמענשטעלען אין איין פּראָיעקט. דערביי אנטהאַלטען די פאָרמען גאָרניט אַזעלכע שווערע זאכען. ווייל אין יעדען איינצעלנעם פאַל וועט דער בעל־הבית פון געשעפט, ווען ער איז גרייט אויסצווואַנדערען לויט זיין פרייען ווילען, צוזאַמען מיט דער קאָמפּאַני־אָפּטיילונג פון זיין געגענט, שוין אויסגע־פינען די פאַר איהם פּאַסיגסטע פאָרם פון ליקווידאציע.

ביי די קלענערע סוחרים'לאַך, אין וועמעס געשעפטען די פּערזענליכע באטיי־ליגונג פון בעל־הבית איז די הויפּט־זאַך און דאָס ביסעל סחורה און איינריכטונג זיינען נאָר נעבענזאַכען, לאָזט זיך די אריבערפיהרונג פון פארמעגענס אם לייכטסטען פארווירקליכען. פאַר דער פּערזענליכער באַטעטיגונג פון דעם אויסוואַנדערער וועט

די קאָמפּאַני אויסגעפינען אַ געזיכערטען געביט אין דער נייער היים און פאַר זיין ביסעל סחורה וועט ער דאָרט באַקומען אַ שטיקעל פּלאַץ מיט אַ באַנק־קרעדיט פאַר מאַשינען. זייערע נייע באַשעפטיגונגען וועלען אונזערע אידען, די בריות, זיך לייכט אויסלערנען. עס איז באַקאַנט, אַז אידען פּאַסען זיך גיך צו צו יעדער אַרט באַשעפטיגונג. געוויס קען מען אַ סך הענדלער מאַכען פאַר קליינע „פאַבריקאַנטלאַך" אין דער לאַנד־ווירטשאַפט. די קאָמפּאַני וועט אפילו קענען מסכים זיין אויף כלומר'שטע היזיקות און איבערנעמען פון די אָרימערע אויסוואַנדערער די זאַכען וואָס עס לוינט ניט מיטצונעמען. מחמת דערמיט וואָס צוליב די נייע איינוואַנדערער ווערען די לענדערייען קולטיווירט, ווערען דאָך די איבעריגע לאַנד־שטיקער טייערער אין פּרייז.

ביי די מיטעלערע געשעפטס־אונטערנעמונגען, וואו די מאַטעריעלע איינריכטונגען זיינען אויך אַזוי וויכטיג אָדער אפילו וויכטיגער ווי די פּערזענליכע איניציאַטיווע פון דעם אייגענטימער און וואו עס קומט נאָך צו דער ערנסטער פאַקטאָר פון קרעדיט־פעהיגקייט, אַ פאַקט וואָס מען קען ניט געניוי אָפּשאַצען אין געלט־ווערט, זיינען פאַראַן עטליכע פאַרשיידענע ליקווידאַציאָנס־פאָרמען. דאָס איז אויך איינער פון די וויכטיגסטע פונקטען, וואו עס דאַרף זיך אָפּשפּילען די „אינוועניגסטע איבערוואַנדערונג" פון די קריסטען, ווען זיי דאַרפען איבערנעמען די אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דער אויסוואַנדערענדער איד פאַרלירט ניט זיין קרעדיט, ער נעמט איהם אַריבער מיט זיך אין זיין נייעם אָרט, וואו ער וועט איהם קענען גאַנץ גוט אויסנוצען פאַר זיין געשעפטס־עטאַבלירונג. די דזשואיש קאָמפּאַני עפענט איהם דאָרט אַ קרעדיט. זיין ביז־איצטיגען געשעפט קען ער אויך פאַרקויפען אָדער איבערגעבען צו אַ געשעפטס־פיהרער אונטער דער אויפזיכט פון די קאָמפּאַני־אַגענטורען. דער געשעפטס־פיהרער קען האַלטען דאָס געשעפט אין פּאַכט אָדער ער קען עס אָפּקויפען און אויסצאָהלען די סומע אין ראַטען. די קאָמפּאַני גיט אַכטונג דורך איהרע קאָנטראָל־באַאַמטע און יוריסטען, אַז דאָס פאַרלאָזענע געשעפט זאָל ריכטיג געפיהרט ווערען און אַז די צאָהלונגען זאָלען פּינקטליך אריינקומען. די קאָמפּאַני איז דאָ דער אַפּוטראָפּס פון דעם אויסגעוואַנדערטען. קען אַ איד זיין געשעפט ניט פאַרקויפען אָדער איבערגעבען אין אַפּוטראָפּסות און וויל עס פאָרט ניט ליקווידירען, דאַן קען ער בלייבען אויף זיין ביז־איצטיגען פּלאַץ. אויך די צוריק־בלייבענדע מאַכען זייער לאַגע ניט ערגער, מחמת דערווייל ווערען זיי באַפרייט פון דער קאָנקורענץ פון די אויסגעוואַנדערטע און דער אַנטי־סעמיטיזם מיט זיינע געשרייען „קויפט ניט ביי אידען!" האָט דערמיט שוין אויפגעהערט.

וויל דער אויסוואַנדערענדער בעל־הבית פאַרטזעצען דאָס זעלבע געשעפט אין דעם נייעם לאַנד, דאַן וועט ער זיך קענען לכתחילה דערויף איינריכטען. לאָמיר דאָס באַווייזען מיט אַ משל. די פירמע איקס באַזיצט אַ גרויסען מאָדע־סחורות־געשעפט. דער בעל־הבית וויל עמיגרירען. קודם כל וועט ער עפענען אַן אָפּטיילונג פון זיין געשעפט אין דעם נייעם לאַנד, וואוהין ער שיקט אַריבער זיינע

אויסגעמוסטערטע סחורות. זיינע קונדען וועלען זיין די ערשטע אָנגעקומענע אָרימע אימיגראַנטען. ביסלאַכווייז קומען אַריבער מענשען מיט העכערע סחורה־באַדערפ־נישען. איקס שיקט אַהין די נייע און די נייעסטע סחורת. די צווייג־אָפּטיילונג קען זיך שוין האַלטען אויף אייגענע פיס, בעת דאָס הויפּט־געשעפט עקזיסטירט נאָך אין אַלטען לאַנד. איקס, הייסט עס, האָט צוויי געשעפטען. דאָס אַלטע געשעפט פאַרקויפט ער אָדער גיט עס איבער צו אַ קריסטליכען פאַרטרעטער בעת ער אַליין פאָהרט אַריבער צו זיין נייעם געשעפט.

לאָמיר נעמען אַ ברייטערען ביישפּיל: א. און ב. באַזיצען אַ גרויסען קויהלען־געשעפט מיט קויהלען־מינען און פאַבריקען. ווי אַזוי זאָל מען ליקווידירען אַזאַ ריזיגע קאַפּיטאַל־אונטערנעמונג? ערשטענס, קען די קויהלען־מינע און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו איהר ווערען אָפּגעקויפט פון דער מלוכה, וואו זי געפינט זיך. צווייטענס, קען די דזשואיש קאָמפּאַני זי אָפּקויפען און באַצאָהלען פאַר איהר צום טייל מיט באָדען אין דעם נייעם לאַנד און צום טייל מיט מזומן געלט. אַ דריטע מעגליכקייט וואָלט געווען די גרינדונג פון אַן אייגענער אַקציען־געזעלשאַפט פון דער פירמאַ א. און ב. אַ פערטע מעגליכקייט איז, אַז דאָס געשעפט זאָל ווייטער געפיהרט ווערען ווי ביז אַהער, נאָר די בעלי־בתים ווערען אויסלענדער, וועלכע, ווען זיי קומען אַמאָל אַריבער אין זייער אַלטער היים כדי צו זעהן ווי זייער געשעפט געהט, געניסען זיי, ווי אין יעדער ציוויליזירטער מדינה, אַ פולען רעכט־שוץ. אַזעלכע זאַכען זעהט מען אין לעבען טעגליך. עס איז פאַראַן נאָך אַ פינפטע, זעהר אַ פּראָ־דוקטיווע און גרויסאַרטיגע מעגליכקייט, אויף וועלכער איך וואָלט וועלען אָנווייזען נאָר מיט אַ וואונק, ווייל אין לעבען האָבען מיר פון איהר דערווייל נאָר זעהר ווענינגע ביישפּילען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס לויט אונזערע היינטיגע מאָדערנע סאָ־ציאַלע באַגריפען שטעהט זי אונז זעהר נאָהענט. די פירמאַ א. און ב. קען אָוועקגעבען דאָס געשעפט צו איהר פּערסאָנאַל פאַר אַ באַשטימטען פּרייז. דאָס פּערסאָנאַל בילדעט אַ געזעלשאַפט מיט באַשרענקטער ערבות און קען אפשר באַקומען דאָס נויטיגע געלט פאַר דער באַצאָהלונג צו דער פירמע אַלס אַ הלואה פון דער מלוכה־באַנק, וואָס נעמט ניט קיין וואוכער־צינזען. די אָנגעשטעלטע קענען דאַן אַמאָרטי־זירען די הלוואה וואָס זיי באַקומען ענטוועדער פון דער מלוכה־באַנק, אָדער פון דער דזשואיש קאָמפּאַני, אָדער אפשר גאָר פון דער פירמע א. און ב. אַליין.

די דזשואיש קאָמפּאַני ליקווידירט די קלענסטע ווי אויך די גרעסטע געשעפטען. און בעת די אידען וואַנדערען זיך רוהיג אויס און גרינדען זיך אַ נייע היימלאַנד שטעהט די קאָמפּאַני אַלס די גרויסע יורידישע פּערזאָן, וואָס פיהרט די עמיגראַציע, וואָס היט אָפּ די פאַרלאָזענע פאַרמעגענס, וואָס גאַראַנטירט מיט איהרע רעאַלע קאַפּיטאַלען די גוטע ליקווידירונגס־אָרדנונג און איז אויך שטענדיג ערב פאַר די וואָס האָבען שוין אויסגעוואַנדערט.

# די גאַראַנטיעס פון דער קאָמפּאַני

אין וואָס פאַר אַ פאָרם וועט די קאָמפּאַני געבען איהרע גאַראַנטיעס, אַז אין די פּאַרלאַזענע לענדער וועלען ניט ארויסגערופען ווערען קיין פּאַראָרימקייט און קיין עקאָנאָמישע קריזיסען?

איך האָב שוין פריהער געזאָגט, אַז אַנשטענדיגע אַנטיסעמיטען, ניט פאַר־לירענדיג זייער אונאָפּהענגיגקייט, וואָס איז אויך פאַר אונז ווערטפול, וועלען צוגע־צויגען ווערען צו דער אונטערנעמונג אַלס פאָלקסטימליכע קאָנטראָל־באַאמטע.

אָן ערנסטע פראַגע אַנטשטעהט בנוגע די שטייערן־אינטערעסען פון דער מלוכה. פאַר דער מלוכה קען דאָך דערפון ארויסקומען אַ היזק. זי פאַרלירט דאָך דערביי אַ קלאַס בירגער, וואָס אַלס באַפעלקערונגס־טייל איז ער, אמת, קליין, איז אָבער זעהר וויכטיג אַלס באַדייטענדער שטייערן־צאָהלער. די מלוכה מוז דערפאַר באַקומען אַ קאָמפּענסאַציע. און דאָס גיבען מיר איהר אויך אויף אַן אינדירעקטען וועג, דערמיט וואָס מיר לאָזען איבער אין לאַנד געשעפטען, וואָס זיינען איינגעפונדעוועט מיט אידישער פעהיגקייט און אידישער ענערגיע, דערמיט וואָס מיר דערמעגליכען די קריסטליכע מיטבירגער צו פאַרנעמען די פון די אידען פאַרלאָזענע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, און דערמיט פאַרווירקליכען מיר אויף אַ שטילען און רוהיגען אופן אַ ביישפּיללאָזען אויפשטייג פון ברייטע שיכטען צו אַן עקאָנאָמישען וואויל־שטאַנד. עטוואָס עהנליכעס האָט אין אַ קליינער מאָס באַוויזען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, אָבער דאָרטען האָבען צוליב דעם געמוזט פליסען טייכען בלוט אונטער דער גילאָטינע, איבער'ן גאַנצען לאַנד און אויף די שלאַכט־פעלדער פון אייראָפּאַ. דערצו האָבען דאָרטען נאָך געמוזט צושטערט ווערען גע'ירשנ'טע און אויסגעקעמפטע רעכט. די ראַפינירטע קויפער פון די נאַציאָנאַלע גיטער זיינען דערביי נאָך רייך געוואָרען.

די דזשואיש קאָמפּאַני וועט אין איהר טעטיגקייטס־געביט ברענגען די פאַרשיי־דענע מלוכות אויך אַ דירעקטען נוצען. אויב די רעגירונגען וועלען עס וועלען, קענען זיי אָפּקויפען די פאַרלאָזענע אידישע פאַרמעגענס, און מיר זאָגען זיי צו, אַז זיי וועלען באַקומען די בעסטע באַדינגונגען. די רעגירונגען זיינען דאָ ביכולת צו פאַרווענדען אין אַ גרויסען מאַסשטאַב די דאָזיגע פּריוויליגע עקספּראָפּריאַציעס פאַר געוויסע סאָציאַלע רעפאָרמען.

די דזשואיש קאָמפּאַני וועט באַהילפיג זיין דער רעגירונג און די פּאַרלאַמענטען, וואָס וועלען זיין גרייט איבערצונעמען די פיהרונג פון דער אינוועניגסטער קריסטלי־כער וואַנדערונג.

די דזשואיש קאָמפּאַני וועט אויך צאָהלען געוויסע שטייערן.

דער הויפּט־זיץ פון דער קאָמפּאַני דאַרף זיך געפינען אין לאָנדאָן, ווייל זי מוז שטעהן אונטער דעם שוץ פון א גרויסער, ניט־אנטיסעמיטיש געשטימטער מאכט. ווען זי באקומט אָבער די אָפיציעלע און האלב־אָפיציעלע אונטערשטיצונג, ווערט זי אויך אין אנדערע לענדער ווערען א רייכער קוואל פאר די שטייערן־מאָהנער. ווייל די קאָמפּאַני ווערט אומעטום באזיצען צווייגען און אָפּטיילונגען, וואָס מען ווערט קענען באשטייערען. זיך באשעפטיגענדיג מיט די אָפּעראציעס ארום דאָס אונבאוועגליכע אייגענטום אויף א דאָפּעלטען אופן, אין קויפען און פארקויפען, ווערט די קאָמפּאַני דערפאר דארפען צאָהלען דאָפּעלטע שטייערען. אפילו דאָרט וואו די קאָמפּאַני ווערט פונקציאָנירען נאָר אלס אַן אגענטור ווערט זי זיך באטראכטען אלס א צייט־ווייליגער אויפקויפער. אפילו ווען זי וויל ניט האָבען קיין אייגענטום, ווערט זי אויף א ווײלע מוזען פארשריבען ווערען אין קאטאסטער אלס אַן אייגענטומס־באזיצער.

דאָס אלץ זיינען, פארשטעהט זיך, זאכען פון חשבונות און אויסרעכענונגען. ווי וויט די קאָמפּאַני קען דאָ אָנגעהן ניט ברענגענדיג קיין סכנה איהר עצם עקזיס־טענץ ווערט מוזען אונטערזוכט און באשטימט ווערען אויף יעדען פּלאַץ באזונדער. זי ווערט וועגען דעם האָבען אָפענהארציגע פארהאנדלונגען מיט די פינאנץ־מיניסטאָרען. זיי וועלען באלד דערקענען אונזערע בעסטע כונות און זיי וועלען אומעטום געבען די דערלייכטערונגען וואָס זיינען אבסאָלוט נויטווענדיג פאר דער דורכפיהרונג פון דער גרויסער אונטערנעמונג.

א ווייטערע באדייטענדע טובה וועלען די לענדער האָבען פון די רייזע־און טראנס־פּאָרט־געשעפטען פאר פּאסאזשירען און פראכט. וואו די אייזענבאהנען געהערען דער מדינה, איז דער נוצען תיכף קלאָר. ביי פּריוואט־באהנען ווערט די קאָמפּאַני באַ־קומען, ווי יעדע גרויסע טראנספּאָרט־פירמע, באזונדערע פּריווילעגיעס און פּרייז־הנחות. אזוי ווי יעדערער עמיגרירט דאָך אויף זיינע אייגענע הוצאות, ווערט זי מוזען זעהן אז די רייזע־ און פראכט־הוצאות זאָלען קאָסטען וואָס ביליגער. בנוגע די מיטעל־קלאס־אויסוואנדערער ווערט מען אָנווענדען דעם סיסטעם פון קוק'ס רייזע־געזעלשאפט און פאר די אָרימע קלאסען ווערט מען זיך באנוצען מיט די מעגליכסט ביליגע פּערזאָנען־צוג־פּרייזען. ביי די אָפּעראציעס ארום די רייזע־און פראכט־געשעפטען וואָלט די קאָמפּאַני קענען א סך פארדינען, אָבער אויך דאָ מוז זי זיך האלטען אָן דעם פּרינציפּ ניט צו נעמען מעהר וויפיל עס איז נויטיג כדי צו דעקען איהרע אייגענע הוצאות.

די טראנספּאָרט־געשעפטען וועלען אין א סך ערטער זיך געפינען אין די הענט פון די אידען. די טראנספּאָרט־געשעפטען וועלען זיין די ערשטע גרינדונגען, וואָס די קאָמפּאַני האָט נויטיג, און די ערשטע וואָס זי ווערט ליקווידירען. די ביז־איצטיגע בעלי־בתים פון די דאָזיגע געשעפטען וועלען שפּעטער אליין אריינטרעטען

אין דינסט פון דער קאָמפּאַני אָדער זיי וועלען אליין עפענען זייערע אייגענע רייזע־ביוראָס אין דעם נייעם לאַנד. ביים אָנקומען אין דעם נייעם לאַנד ברויכען די עמפּפאַנגס־סטאַציאָנען די מיטהילף פון אַזעלכע אויפנעמענדע טראַנספּאָרט־ספּעציא־ליסטען. אַזוי ווי דאָס איז אַ גלענצענדער עסק און אַזוי ווי מען וועט אין דעם נייעם לאַנד תיכף דאַרפען פאַרדינען, און מען איז דאָרט אויך בארעכטיגט צו פאַר־דינען, וועט עס געוויס ניט פעהלען אין אונטערנעמונגס־וויליגע פּאַבליקום. עס איז ניט נויטיג זיך דאָ אָפּצושטעלען אויף אַלע געשעפטליכע איינצעלהייטען פון דער דאָזיגער מאַסען־עקספּעדיציע. מען דאַרף דאָס נאָך גענוי און צוועקמעסיג אויס־אַרבייטען און אַ סך טיכטיגע קעפּ וועלען און זאָלען זיך פאַרטראַכטען וועגען דעם ווי אַזוי די זאַך זאָל געמאַכט ווערען אַם בעסטען.

## עטליכע אַקטיוויטעטען פון דער קאָמפּאַני

אין דער אַרבייט וועלען אַ סך אַקטיוויטעטען זיך צוזאַמענטרעפען. לאָמיר נעמען נאָר איין ביישפּיל: די קאָמפּאַני וועט אין די פּרימיטיווע ישובים — אין דער ערשטער צייט וועלען זיי מוזען זיין פּרימיטיוו — זיך דערמיט אָפּגעבען ביס־לאַכווייז צו פּראָדוצירען געוויסע נויטווענדיגע זאַכען. צוערשט פאַר אונזערע אייגענע אָרימערע אויסוואַנדערער: בגדים, וועש, שיך און אַזוי ווייטער. מען דאַרף וויסען, אַז אין די אייראָפּעאישע אָפּרייזע־סטאַציאָנען וועלען אונזערע אָרימע־לייט פאַר זייער אָפּפאָהרען ווערען ניי באַקליידט; זיי זאָלען דערמיט ניט באַקומען קיין שום באַליידיגענדע נדבה. אַלץ וואָס מען וועט טאָן פאַר זיי איז, דער אויס־טויש פון זייערע אַלטע בגדים פאַר נייע. וועט די קאָמפּאַני דערביי עטוואָס פאַרלירען, וועט מען דאָס פאַרשרייבען אַלס געשעפטס־פאַרלוסט. די גאַנץ אָרימע בלייבען בעלי־חובות פון דער קאָמפּאַני פאַר דער באַקליידונג און צאָהלען אָפּ די חובות אין נייעם לאַנד מיט העכערע אַרבייטס־שטונדען, וואָס וועלען זיי, אגב, אפשר געשענקט ווערען אויב זיי וועלען זיך גוט אויפפיהרען.

דאָ וועלען, אגב, די עקזיסטירענדע צדקה־פאַראיינען פאַר אויסוואַנדערער האָבען אַ געלעגענהייט צו טאָן וויכטיגע אַרבייט. אַלץ וואָס זיי פּלעגען ביז איצט טאָן פאַר די אויסוואַנדערענדע אידען זאָלען זיי להבא טאָן פאַר די קאָלאָניסטען פון דער דזשואיש קאָמפּאַני. די פאָרמען ווי אַזוי דאָס צוזאַמענאַרבייטען זאָל פאָרקומען וועט מען קענען לייכט אויסגעפינען.

שוין אין דער ניי־באַקליידונג פון די אָרימע עמיגראַנטען זאָל זיך אָפּשפּיגלען עטוואָס סימבאָלישעס: איהר הויבט איצט אָן אַ ניי לעבען! די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט דערפאַר זאָרגען, אַז נאָך לאַנג פאַר דעם אָפּפאָהרען און אין פאַרלויף פון דער רייזע זאָל צווישען די רייזענדע הערשען אַן ערנסטע און יום־טוב׳דיגע שטימונג. זי וועט דאָס זוכען צו דערגרייכען דורך דער אָפּהאַלטונג פון תפילות בציבור, דורך פאָ־

פּולערע לעקציעס, אויפקלערונגען איבער דעם צוועק פון דער אונטערנעמונג, דורך היי־גיענישע אַנווייזונגען פאַר די נייע וואוין־פּלעצער און דורך אינפאָרמאַציעס וועגען דער צוקינפטיגער באַשעפטיגונג. ביי זייער אָנקומען וועלען אָבער די איינוואַנדערער באַקומען פון אונזערע פּאַרוואַלטער אַ פייערליכען קבלת־פּנים. אָהן אַ נאַרישען טומעל, מחמת דאָס געבענשטע לאַנד דאַרף ערשט עראָבערט ווערען. אָבער באַלד ביים אָנהויב זאָלען די דאָזיגע אומגליקליכע מענשען שוין דערפיהלען, אַז זיי זיינען אין דער היים.

די קאָמפּאַני וועט איהר קליידער־אינדוסטריע ניט פּראָדוצירען אָהן קיין שום פּלענער. זי וועט רעכטצייטיג באַקומען פון דער סאָסייעטי אָוו דזשוז, וואָס וועט דערהאַלטען גענוי צום טאָג פון זייער אָנקומען די ידיעות פון די לאָקאַלע גרופּען, גענויע אינפאָרמאַציעס וועגען דעם קוואַנטום פון די נויטיגע בגדים און אַנדערע באַדערפנישען. אויף אַזאַ אופן וועט עס זיין מעגליך רעכטצייטיג צו מאַכען אַלע נויטיגע הכנות.

# אינדוסטריעלע אָנהויבען

אין אונזער פּראָיעקט איז עס שווער שטרענג פאַנאַנדערצושיידען צווישען די אויפגאַבען פון דער דזשואיש קאָמפּאַני און דער סאָסייעטי אָוו דזשוז. אין דער אמת׳ן וועלען די דאָזיגע ביידע גרויסע אָרגאַנען שטענדיג דאַרפען אַרבייטען צוזאַמען. די קאָמפּאַני וועט זיין אָנגעוויזען אויף דער מאָראַלישער אויטאָריטעט און אונטער־שטיצונג פון דער סאָסייעטי בעת די סאָסייעטי וועט ניט קענען אויסקומען אָהן דער מאַטעריעלער הילף פון דער קאָמפּאַני. אַזוי, למשל, ליגט שוין אין דעם גענוי־אויסגעאַרבייטען פּלאַן וועגען דער פיהרונג פון דער קליידונגס־אינדוסטריע דער ערשטער פּרואוו צו פאַרהטען פּראָדוקציאָנס־קריזיסען. אַזוי זאָל די קאָמפּאַני זיך נוהג זיין אויף אַלע געביטען וואו זי וועט זיך באַטעטיגען אַלס אַ פאַבריצירער.

עס טאָר אָבער ניט דערלאָזען ווערען, אַז די קאָמפּאַני זאָל מיט איהר מאַכט דערדריקען די פרייע, פּריוואַטע אונטערנעמונגען. מיר זיינען קאָלעקטיוויסטען נאָר דאָרט, וואו די אונגעהייערע שוועריגקייטען פון דער אויפגאַבע צווינגען אונז דערצו. אין אַלגעמיין אָבער ווילען מיר אָפּהיטען און באַשיצען די רעכט פון דעם פּריוואַטען געשעפטס־מאַן. מיר ווילען אַז ביי אונז זאָל דאָס פּריוואַט־אייגענטום, אַלס דער יסוד פון דער עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיגקייט, זיך פריי און עהרענהאַפט אַנטוויקלען. אַט ווילען מיר דאָך אונזערע ערשטע אָנסקילד אַרבייטער מאַכען באַלד פון אָנהויב אָן פאַר אייגענטימער.

דער פּריוואַטער אונטערנעמונגס־גייסט זאָל געשטיצט ווערען אויף אַלע אופנים. מען וועט דערלייכטערען די שאַפונג פון אינדוסטריען דורך אַ פאַרנינפטיגער טאַריף־

פּאָליטיק, דורך צושטעלונג פון רוי־מאַטעריאַלען צו נידעריגע מקחים און דורך דער גרינדונג פון אַן אינדוסטריעלען סיסטעמאַטיזירונגס־אַמט וועמעס רעזולטאַטען עס וועלען עפענטליך באַקאַנט געמאַכט ווערען.

מען קען אויפמונטערען דעם אונטערנעמונגס־גייסט אויף געזונטע דרכים, אויסמיידענדיג יעדען ספּעקולאַטיווען, פּלאַנלאָזען שריט. יעדעס מאָל ווען אַ נייע אינדוסטריע ווערט באַשאַפען ווערט דאָס תיכף עפענטליך באַקאַנט געמאַכט כדי יוען אַנדערע אונטערנעמער, וואָס וועלען זיך כאַפּען אַ האַלב יאָהר שפּעטער צום געדאַנק זיך צו נעמען צו דערזעלבער אינדוסטריע זאָלען אָפּגעהיט ווערען פון אונ־נויטיגע פאַרלוסטען און פון דער געפאַהר זיך פינאַנציעל צו רואינירען. אזוי ווי יעדע נייע פאַבריק וועט תיכף באַקאַנט מאַכען די סאָסייעטי אָוו דזשוז מיט איהר צוועק און אויפגאַבע, קען מען זיך באַוואָרענען אַז די אונטערנעמונגס־באַדינגונגען זאָלען אַלעמאָל יעדערען ווערען רעכטצייטיג באַקאַנט.

די אונטערנעמער וועלען זיך אויך באַנוצען מיט די צענטראַליזירטע ארבייטס־ביוראָס. דער אונטערנעמער וועט זיך ווענדען צו דעם צענטראַלען ארבייטס־ביוראָ. וואָס וועט פאַרלאַנגען דערפאַר אַ קליינעם אָפּצאָהל כדי צו דעקען די אייגענע הוצאות. דער אונטערנעמער וועט, למשל, טעלעגראַפירען: איך האָב אויף מאָרגען נויטיג פינף הונדערט אָנסקילד ארבייטער אויף דריי טעג, דריי וואָכען אָדער־דריי חדשים. אויף מאָרגען וועלען אָנקומען אין זיין לאַנדווירטשאַפטליכער אָדער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג די פאַרלאַנגטע פינף הונדערט ארבייטער, וועלכע די ארבייטס־צענטראַלע וועט צוזאַמענקלייבען פון דאָרט וואו זי וועט זיי באַקומען. די ארבייטער־וואַנדערונג וועט אויף דעם אופן פאַרוואַנדעלט ווער'ן פון אַן אונגע־שיקטער האַמעטנער ערשיינונג אין אַ סיסטעמאַטישער, מיליטערמעסיגער העכערער באַוועגונג. דאָס, פאַרשטעהט זיך, וועט ניט מיינען אַז עס ווערען צוגעשטעלט אַרבייטס־שקלאַפען. די קאָמפּאַני וועט צושטעלען נאָר אַזעלכע מענשען וועלכע אַרבייטען זיבען שעה אַ טאָג, וועלכע היטען אָפּ זייער אָרגאַניזאַציע און וועלכע פיהרען מיט זיך, אָהן אונטערשייד אין וועלכען אָרט זיי געפינען זיך, אַלע ארבייטער־רעכט מיט זייערע מדרגות: אוואַנסירונגען און דאָס רעכט אויף פּענסיעס. דער זעלבסטשטענדיגער פּריוואַטער אונטערנעמער קען, אויב ער וויל, באַקומען ארבייטער אויך פון אַנדערשוואו. אָבער עס איז אַ גרויסער ספק אויב ער וועט עס קענען. מאָמער וועט אימיצען איינפאַלען אריינצוברענגען אין לאַנד ניט־אידישע ארבייטער־שקלאַפען וועט די סאָסייעטי שוין געפינען אַ וועג ווי אזוי צו צושטערען אַזעלכע פּרואוון. זי וועט דאָס קענען דערגרייכען דורך דער אָרגאַניזירונג פון אַ באָיקאָט געגען אַזעלכע פאַבריקאַנטען, דורך דערשווערען פאַר זיי די נויטיגע טראַנס־פּאָרט־באַקוועמליכקייטען און דורך עהנליכע שריט. מען וועט פּשוט זיין געצוואונגען צו נעמען נאָר ארבייטער מיט אַ זיבען־שעה'דיגען ארבייטס־טאָג. אויף דעם אופן

וועלען מיר זיך דערנעהנטערען כמעט אויף א נאַטירליכען וועג צו דעם נאָרמאַלען זיבען־שעה'דיגען ארבייטס־טאָג.

## די באַזעצונג פון פאַך־אַרבייטער

אלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרען בנוגע די אָנסקילד ארבייטער איז, פאַרשטעהט זיך, נאָך לייכטער דורכצופיהרען בנוגע די ספּעציעלע פאַך־ארבייטער. די צענטראַלע ארבייטער פאַרמיטלונגס־שטעלע וועט פאַר זיי איינפיהרען דיזעלבע רעגולאַציעס.

וואָס איז שייך די זעלבסטשטענדיגע האנדווערקער, די קלענערע בעלי־מלאָכות, וועלכע מיר ווילען פון שטאַנדפּונקט פון צוקינפטיגען מעכאַנישען פּראָגרעס אודאי אונטערשטיצען, וועלכע מיר ווילען באַקאַנט מאַכען מיט די נויטיגע טעכנאָלאָגישע ידיעות אפילו ווען זיי זיינען שוין ניט מעהר קיין יונגעלייט און וועמעס ווערק־שטאַטען מיר וועלען פאַרזאָרגען מיט עלעקטרישער קראַפט און מיט עלעקטרישער באַלייכטונג — די דאָזיגע זעלבסטשטענדיגע ארבייטער וועלען אויך געפינען ביי דער ארבייטער־צענטראַלע פון דער סאָסייעטי די גרעסטע אויפמערקזאמקייט. אין דעם פאַל וועט די פּראָצעדורע זיין אזא: די לאָקאַלע גרופּע באַריכטעט דער ארבייטער־צענטראַלע: מיר האָבען נויטיג אזוי פיל און אזוי פיל סטאָליאַרעס, שלאָסערס, גלעזער און אז. וו. די צענטראַלע מאַכט דאָס עפענטליך באַקאַנט און די ארבייטער פאַרשרייבען זיך. זיי באַזעצען זיך מיט זייערע פאַמיליעס אין די ערטער, וואו מ'האָט זיי נויטיג, און זיי זיינען באַפרייט פון יעדער ערנסטער קאָנקורענץ. זיי האָבען געפונען א שטענדיגע רוהיגע היים.

## די געלט באַשאַפונג

אלס גרונד־קאַפּיטאַל פון דער דזשואיש קאָמפּאַני האָבען מיר אָנגענומען א סומע וואָס קלינגט פאַנטאַסטיש. די אמת'ע גרויס פון דעם נויטווענדיגען אקציען־קאַפּיטאַל וועט מוזען באַשטימט ווערען פון פינאַנץ־פאַכלייט. די סומע וועט יעדענפאַלס זיין א געוואַלדיגע. ווי אזוי זאָל מען זי צונויפקלייבען? פאַר דעם צוועק קען מען זיך באַנוצען מיט דריי פאָרמען וועגען וועלכע די סאָסייעטי וועט זיך דאַרפען מיישב זיין. די סאָסייעטי, די דאָזיגע גרויסע מאָראַלישע פּערזאָן, דער אונטערהאנדלער פון אידישען פאָלק, באַשטעהט פון אונזערע עהרליכסטע און בעסטע מענשען וואָס ציהען ניט און טאָרען ניט ציהען פאַר זיך קיין שום פינאַנ־ציעלען נוצען פון דער זאַך. ניט קוקענדיג דערויף וואָס אין אָנהויב וועט די סאָסייעטי ניט קענען האָבען קיין שום אנדער אויטאָריטעט אחוץ די מאָראַלישע, וועט אָבער די דאָזיגע מאָראַלישע קראַפט זיין שטאַרק גענוג כדי ארויסצורופען ביים אידישען פאָלק דעם צוטרוי צו דער דזשואיש קאָמפּאַני. די דזשואיש

קאמפאני וועט נאר דעמאלט האבען אויסזיכט אויף א פינאנציעלען ערפאלג ווען זי באקומט פון דער סאסייעטי, אזוי צו זאגען, דאס עהרען־צייגניש. דערמיט ווערט עס קלאר אז עס וועט ניט זיין מעגליך אז סתם א גרופע רייכע לייט זאל זיך צונויפקלייבען און זיך ערקלערען אלס די דזשואיש קאמפאני. די סאסייעטי וועט מוזען צוערשט אלץ גענוי אונטערזוכען. זי וועט מוזען אויסקלייבען און באשטימען און איידער זי וועט געבען איהר צושטימונג צו דער גרינדונג, וועט זי פארלאנגען אלע נויטיגע גאראנטיעס פאר דער געוויסענהאפטער דורכפיהרונג פון דעם פלאן. מיר טארען ניט דערלאזען קיין עקספערימענטען מיט ניט־אויסרייכענדע כחות, מחמת די אונטערנעמונג מוז זיין אן ערפאלג תיכף מיט דעם ערשטען ארויסטריט. דער דורכפאל פון דער זאך וואלט די גאנצע אידעע קאמפראמיטירט אויף צעהנדליגע יאהרען און וואלט זי אפשר אינגאנצען געמאכט פאר אונמעגליך.

פאלגענדע זיינען די דריי פארמען, מיט וועלכע מען וואלט קענען צונויפקלייבען דאס אקציען־קאפיטאל: 1. דורך דער שאפונג פון א באנק פון דער הויך־פינאנץ; 2. דורך א באנק פון מיטעלשטאנדס־קאפיטאל; 3. דורך א פאלקסטימליכער סובסקריפציע, מצד די ברייטע מאסען.

די גרינדונג פון דער הויך־פינאנץ־באנק וואלט אודאי געווען דער לייכטסטער, גיכסטער און זיכערסטער וועג. צווישען די גרויסע פינאנץ־גרופען וואלט דאס נויטיגע געלט געקענט געזאמעלט ווערען ביי א געוועהנליכער קאנפערענץ אין א גאנץ קורצער צייט. דאס וואלט האבען די גרויסע מעלה וואס די מיליארד מארק — כדי צו בלייבען ביי דער שוין דערמאנטער סומע — וואלט ניט דארפען תיכף אינ־גאנצען איינגעצאהלט ווערען. א צווייטע מעלה וואלט דערביי געווען וואס די קאמפאני וואלט צוגלייך קענען האבען דעם פינאנציעלען קרעדיט מצד די מעכטיגע פינאנץ־גרופען. אין דער אידישער פינאנץ־מאכט זיינען נאך באהאלטען זעהר פיל ניט אויסגענוצטע פאליטישע כחות. אונזערע שונאים מאהלען די דאזיגע פינאנץ־מאכט אויס ווי זי האט געקענט זיין, וואס אין אמת'ן אבער איז זי ניט. די ארימע אידען באקומען צו פיהלען נאר די שנאה וואס ווערט ארויסגערופען פון דער דאזיגער פינאנץ־מאכט; דעם נוצען, די דערלייכטערונג פון זייערע לײדען, וואס מען וואלט דערפון קענען האבען, דאס באקומען די ארימע אידען ניט. די קרעדיט־פאליטיק פון די גרויסע פינאנץ־אידען האט זיך געדארפט שטעלען אין דינסט פון דער פאלקס־אידעע. אויב אבער די דאזיגע מיט זייער לאגע גאנץ צופרידענע הערען וועלען ניט פיהלען דעם דראנג עטוואס צו טאן פאר זייערע ברידער, וואס ווערען מיט אונרעכט פאראנטוואָרטליך געמאכט פאר די גרויסע קאפיטאלען פון יחידים, דאן וועט די פארווירקליכונג פון אונזער פלאן געבען א געלעגענהייט דורכצופיהרען א שטרענגע אפשיידונג צווישען זיי און דעם איבעריגען טייל פון אידענטום.

**פון דער הויך־באנק ווערט אגב ניט ערווארט אז זי זאל אפגעבען אזא גוואלדיגע**

סומע אלס צדקה. דאָס וואָלט געווען אַ נאַרישע פאָדערונג. להיפך, די גרינדער און די שעהר־האָלדערס פון דער דזשואיש קאָמפּאַני וועלען מאַכען אַ זיך צאָהלענדען עסק און זיי וועלען זיך קענען אין פאָראויס דערפון איבערצייגען וואָס פאַר אַ אויסזיכטען עס־ שטעהען פאַר זיי. די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט האָבען אַלע דאָקומענטען און באווייזען פון וועלכע מען וועט קענען קלאָר ארויסגעפינען וואָס עס זיינען די אויסזיכטען פון דער דזשואיש קאָמפּאַני. די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט זיך גאַנץ באַזונדערס אָפּגעבען מיט דער אויספאָרשונג פון דער נייער באוועגונג, אין וואָס פאַר אַ מאָס זי איז אריינגעדרונגען אין די אידישע מאַסען און זי וועט דער קאָמפּאַני געבוי אינפאָרמירען וואָס פאַר אַ פינאַנציעלע באַטייילגונג זי קען ערוואַרטען. די סאָסייעטי וועט אָרגאַניזירען אַ גרויסען מאָדערנעם וויסענשאַפטליכען אידישען סטאַטיסטישען אַמט און זי וועט כסדר באַקאַנט מאַכען די קאָמפּאַני מיט די רעזולטאַטען, ווי מען טוט עס למשל אין פראַנקרייך, וואו מען גרינדעט אַ שטודיר־קאָמיסיע איידער מען טרעט־צו צו דער פינאַנסירונג פון אַ גרויסער אונטערנעמונג.

דער פּלאַן וועט אָבער אפשר פאָרט ניט ארויסרופען די קאָסטשפּיליגע צו־שטימונג פון די אידישע געלט־מאַגנאַטען. זיי וועלען אפשר אפילו פּרובירען דורך זייערע געהיימע קנעכט און אַגענטען אָנצופיהרען אַ קאַמף געגען דער אידישער פאָלקס־באוועגונג. מיר וועלען דאַן דעם קאַמף פיהרען, ווי יעדער אַנדערען קאַמף צו וועלכען מען וועט אונז צווינגען, מיט אַן אונ׳ברחמנות׳דיגער שאַרפקייט.

די געלט־מאַגנאַטען וועלען זיך אפשר דערמיט באַנוגענען אָפּצו׳פּטר׳ען ־עם גאַנצען ענין מיט אַ בטול׳דיגען שמייכעל.

איז אָבער דער ענין דערמיט אָפּגעפאַרטיגט?

ניין.

דאַן וועט די אויפגאַבע צו שאַפען דאָס געלט אריבערגעפיהרט ווערען צו דער צווייטער מדרגה, צו די מיטעל־רייכערע אידען. דאַן וועט די אידישע מיטעל־באַנק זיך מוזען צוזאַמענשליסען אין נאָמען פון דער פאָלקס־אידעע אלס אַן ערנסטע געלט־מאַכט געגען דער הויך־באַנק. דאָס וואָלט האָבען דעם גרויסען חסרון וואָס פון דער גאַנצער זאַך וואָלט קודם כל געמוזט ווערען אַ געלט־געשעפט, ווייל אין דעם פאַל וואָלט דער גאַנצער מיליארד געמוזט ווערען איינגעצאָהלט במזומן, אָהן דעם טאָר מען די זאַך גאַרניט אָנהויבען. צוליב דעם אָבער וואָס דער דאָזיגער קאַפּיטאַל וואָלט ערשט לאַנגזאַם קענען קומען אין פאַרווענדונג וועט מען דאָך מוזען די ערשטע יאָהרען מאַכען כל־ערליי באַנק־און לייה־געשעפטען. דאָ איז פאַראַן אַ שטיקעל סכנה, מחמת עס איז ניט אויסגעשלאָסען אַז צוליב די געשעפטען זאָל מען ביסלעכ־ווייז פאַרגעסען דעם אייגענטליכען צוועק פון דער אונטערנעמונג. די מיטעל־רייכע אידען וועלען האָבען געפונען אַ נייע גרויסע געלט־אונטערנעמונג און די גאַנצע זאַך פון דער אידישער אויסוואַנדערונג וועט צוקראָכען ווערען.

אַז די אידעע פון דער דאָזיגער געלט־באַשאַפונג איז דורכאויס ניט קיין פאַנ־טאַסטישע זאַך, איז גוט באַוואוסט. עס איז שוין פאַרשיידענע מאָל געמאַכט געוואָרען דער פאַרזוך, למשל, צוזאַמענצושליסען דאָס קאַטוילישע געלט געגען די הויך־באַנק. אַז מען קען זי אויך באַקעמפען מיט אידיש געלט, אויף דעם געדאַנק איז מען ביז איצט נאָך ניט געקומען.

אַזאַ שריט וואָלט אָבער פיהרען צו שאַרפע קריזיסען. וואָס פאַר אַ שאָדען עס וואָלט מוזען אַנטשטעהן פאַר די לענדער וואו אַזעלכע פינאַנציעלע מלחמות זאָלען זיך אָפּשפּילען און ווי וואָלט זיך דערביי דער אַנטיסעמיטיזם פאַרשטאַרקט!

דערפאַר האָב איך פאַר אַזאַ מעגליכקייט וועניג סימפּאַטיע. איך דערמאָן דאָס נאָר, ווייל זי ליגט אין דער לאָגישער אַנטוויקלונגס־ליניע פון דעם גאַנצען פּלאַן.

אויב די מיטעל־בענק וועלען זיך נעמען צו דער זאַך, איז ביי מיר אויך אין ספק.

אָבער אפילו ווען די מיטעל־רייכע שיכטען זאָלען זיך אויך אָפּזאָגען פון דער זאַך, אויך דאַן איז זי נאָך ניט אָפּגעפאַרטיגט. פאַרקערט, ערשט דעמאָלט הויבט זי זיך אָן.

מחמת די סאָסייעטי אָוו דזשוז, וואָס באַשטעהט ניט פון קיין געשעפטסלייט, קען דעמאָלט פּרובי־ען צו באַגרינדען די קאָמפּאַני אַלס אַ פאָלקסטימליכע אונטער־נעמונג.

די קאָמפּאַני קען באַקומען איהר קאַפּיטאַל אָהן דער פאַרמיטלונג פון די גרויסע אָדער מיטעלערע בענק, דורך אַ דירעקטען אויפרוף צו אַ מאַסען־סובסקריפּציע פון פאָלק. ניט נאָר די אָרימע אידען, נאָר אויך קריסטען וואָס ווילען פון די אידען פּטור ווערען וועלען זיך באַטייליגען אין דער דאָזיגער געלט־באַשאַפונג וואָס וועט צוזאַ־מענגעשטעלט ווערען פון גאַנץ קליינע טייל־איינצאָהלונגען. דאָס וואָלט געווען אַ מערקווירדיגע און נייע פאָרם פון אַ פאָלקס־אָפּשטימונג, ביי וועלכער יעדערער וואָס וויל זיך ארויסזאָגען לטובת אַזאַ לייזונג פון דער אידען־פראַגע, זאָגט ארויס זיין מיינונג דורך אַ סובסקריפּציע פון אַ באַשטימטער סומע. אין דער דאָזיגער באַדינ־גונג ליגט די גוטע זיכערהייט. דער גאַנצער בייטראַג וועט מוזען איינגעצאָהלט ווערען ווען די סובסקריפּציע וועט דעקען די גאַנצע סומע; אויב ניט באַקומט יעדערער זיין געלט צוריק אויסגעצאָהלט.

ווייבאַלד אָבער די גאַנצע נויטיגע סומע וועט זיין געדעקט דורך אַ פאָלקס־טימליכער סובסקריפּציע אין אַלע טיילען פון דער וועלט, דאַן איז יעדערער איינ־צעלנער קליינער בייטראַג געזיכערט דורך די אונצעהליגע אַנדערע קליינע סומען.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דערצו איז נויטיג די אויסדריקליכע ענער־גישע הילף מצד די באַטייליגטע רעגירונגען.

# לאָקאַלע גרופּען; די אַריבערפיהרונג

ביז איצט האָבען מיר נאָר באַוויזען, ווי אַזוי מען קען דורכפיהרען די אויס־וואַנדערונג, ניט אַרויסרופענדיג קיין עקאָנאָמישע שטערונגען אין די לענדער. פונדעסטוועגען זיינען ביי אַזאַ אויסוואַנדערונג דאָך פאַראַן אַ סך שטאַרקע און טיפע זעעלישע אויפרעגונגען. מיר האָבען דאָך פאָרט אונזערע אַלטע געוואוינ־הייטען, אונזערע זכרונות מיט וועלכע אַ מענש איז צוגעבונדען צו זיין אָרט. מיר האָבען קינדערשע וויגעלאַך, מיר האָבען קברים און מען ווייס וואָס די קברים מיינען פאַר דאָס אידישע האַרץ. אונזערע וויגעלאַך וועלען מיר מיטנעמען מיט זיך — אין זיי וועט שלאָפען מיט זיינע פרישע און לאַכעדיגע פּנים'לאַך אונזער צוקינפטיגער דור. אונזערע טייערע קברים וועלען מיר מוזען לאָזען הינטער זיך — איך רעכען, אַז דער אָפּשייד פון זיי וועט אונז, דעם געלט־זשעדנעם פאָלק, זיין אַם שווערסטען. אָבער פאַרפאַלען, אַזוי מוז עס זיין.

מיר זעהען דאָך, אַז שוין איצט פאַרטרייבט אונז די עקאָנאָמישע נויט, די פּאָליטישע פאַרפאָלגונג און די געזעלשאַפטליכע שנאה פון אונזערע וואוין־ערטער און רייסען אונז אַוועק פון אונזערע קברים. שוין איצט וואַנדערען דאָך די אידען אַלע ווייַלע פון איין לאַנד אין צווייטען; עס ציהט זיך אפילו אַן עמיגראַ־ציאָנס־שטראָם איבער'ן לאַנד אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען — וואו מען האָט אונז אויך ניט איבעריגס ליב. בכלל, וואו וועט מען אונז דען וועלען דערליידען אַזוי לאַנג ווי מיר האָבען ניט קיין אייגענע היים?

מיר ווילען אָבער די אידען געבען אַ היים. ניט דערמיט וואָס מיר וועלען זיי מיט גוואַלד אַרויסרייסען פון זייערע ערטער. ניין, נאָר דערמיט וואָס מיר וועלען זיי פאָרזיכטיג אַרויסנעמען מיט זייער גאַנצען איינגעוואָרצעלטען קיום און זיי אַריבערפיהרען אויף אַ בעסערען באָדען. גענוי ווי מיר ווילען באַשאַפען נייע באַדינגונגען אויף דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען געביט, אַזוי האָבען מיר בדעה צו דערהאַלטען אַלצדינג וואָס איז טראַדיציאָנעל אין אונזער גייסטיגען לעבען. וועגען דעם וויל איך בלויז מאַכען אַ פּאָר אָנדייטונגען, מחמת אין דער הינזיכט איז די סכנה אַם גרעסטען, אַז דער גאַנצער פּלאַן זאָל באַטראַכט ווערען ווי אַ פאַנטאַזיע.

און פאָרט איז דאָס אויך מעגליך און ווירקליך, נאָר אין דער רעאַליטעט ערשיינט דאָס ווי עטוואָס צומישטעס און הילפלאָזעס. דורך דער אָרגאַניזירונג אָבער קען עס ווערען אַ פאַרנינפטיגע זאַך.

# די אויסוואנדערונג אין גרופּען

אונזערע מאַסען וועלען אויסוואַנדערען צוזאַמען, גרופּענווייז — אין גרופּען פון פאַמיליען און פריינד. קיינער וועט ניט געצוואונגען ווערען זיך אַנצושליסען אַן דער גרופּע פון זיין ביז־איצטיגען וואוין־אָרט. נאָכדעם ווי ער וועט האָבען ליקווידירט זיינע געשעפטען, וועט יעדערער קענען פאָהרען ווי ער וועט וועלען. מאַכט עס דאָך יעדערער אויף זיינע אייגענע הוצאות און פאָהרט מיט׳ן באַהן און מיט׳ן שיף אין דעם קלאַס וואָס געפעלט איהם. עס קען אפילו זיין, אַז אונזערע באַהן־צוגען און אונזערע שיפען וועלען באַשטעהן נאָר פון איין קלאַס. אויף לאַנגע רייזען איז דער מאַטעריעלער אונטערשייד אַ לאַסט פאַר די אָרימערע. מיר ווילען, אמת, אונזערע מאַסען ניט אַריבערפיהרען צו אַ פאַרווילונג, אָבער מיר ווילען דאָך ניט פאַרדאַרבען אויפ׳ן וועג זייער שטימונג.

קיינער וועט ניט פאָהרען אין עלענד און אָרימקייט. די אָבער וואָס קענען זיך לייסטען דעם לוקסוס, וועלען האָבען אַלע באַקוועמליכקייטען. נאָך לאַנג פאַר דעם אָפּפאָהרען וועט מען וועגען אַלץ אָפּרעדען — מחמת אין בעסטען פאַל וועט עס דאָך נעמען יאָהרען ביז די באַוועגונג וועט זיך פאַרשפּרייטען צווישען די פאַרשיידענע באַזיצענדע קלאַסען — די פאַרמעגליכע וועלען זיך צוזאַמענשליסען אין גאַנצע רייזע־געזעלשאַפטען. די אָפּפאָהרער נעמען מיט זיך מיט אייגענטליך אַלע פּערזענליכע באַקאַנטע. מיר ווייסען דאָך, אַז אחוץ די רייכסטע האָבען דאָך די אידען כמעט ניט קיין שום געזעלשאַפטליכע באַציהונגען מיט קריסטען. אין מאַנכע לענדער איז די זאַך דאָך אַזוי, אַז דער איד, וואָס קען זיך ניט פאַרגינען אויסצוהאַלטען עטליכע טעלער־לעקער, עטליכע חברה־לייט וואָס נעמען ביי איהם גמילות־חסדים, און סתם אידען־קנעכט, איז בכלל ניט באַקאַנט מיט קריסטען. אינוועניג עקזיסטירט דאָס געטאָ ווייטער.

אין די מיטעלערע שיכטען וועט מען זיך דערפאַר לאַנג און גענוי צוגרייטען צום אָפּפאָהר. יעדער אָרט וועט בילדען זיין אייגענע גרופּע. אין די גרויסע שטעדט וועלען אַנטשטעהן מעהרערע גרופּען לויט די שטאָדט־דיסטריקען, וואָס וועלען פאַרקערען צווישען זיך דורך געוועהלטע פאַרטרעטער. די דאָזיגע דיס־טריקטען־פאַרטיילונג איז אָבער ניט קיין חוב. זי ווערט דאָ נאָר רעקאָמענדירט אַלס אַ דערלייכטערונג פאַר די וועניגער באַמיטעלטע כדי צו פאַרמיידען אונ־באַקוועמליכקייטען און כדי ניט צו לאָזען אויפקומען קיין בענקעניש נאָך דער היים. עס איז פאַר יעדערען פריי אַליין צו פאָהרען אָדער זיך אויסצוקלייבען וועלכע לאָקאַלע גרופּע עס איז איהם ליב. די רייזע־באַדינגונגען — איינגעטיילט לויט די רייזע־קלאַסען — זיינען גלייך פאַר אַלעמען. אויב אַ רייזע־געזעלשאַפט איז צאָהלרייך גענוג אָרגאַניזירט, גיט איהר די קאָמפּאַני אַ גאַנצען באַהן־צוג און דערנאָך אַ גאַנצע שיף.

א ספעציעלער וואוינונגס־אמט, וואס די קאמפּאני וועט האבען צוגעגרייט, וועט זעהן, אז די ערימערע צוגערייזטע זאלען באקומען פּאסיגע וואוינונגען. שפּעטער, ווען די בעסער־באמיטעלטע וועלען איינוואנדערען, וועט דאס באדערפניש, וואס מען וועט שוין האבען פעראויסגעזעהן, פיהרען דערצו, אז פּריוואטע אונטער־נעמער וועלען בויען האטעלען. אחוץ דעם וועלען די רייכערע אויסוואנדערער שוין האבען געבויט זייערע היימען פריהער, נאך פאר זייער אנקומען, אזוי אז זיי וועלען נאר דארפען אריבערפאהרען פון דעם פערלאזענעם הויז אין דער נייער פער־טיגער היים.

עס איז פאר אונז ניט נויטיג אנצואווייזען אונזער גאנצער אינטעליגענץ, וואס איהרע אויפגאבען זיינען. יעדערער וואס שליסט זיך אן צו דעם נאציאנאלען געדאנק וועט וויסען וואס ער האט צו טאן אין זיין קרייז פאר דער פער־שפּרייטונג און באטעטיגונג פון דער זאך. הויפּטזעכליך וועלען מיר אפּעלירען צו דער מיטארבייט פון אונזערע גייסטליכע פיהרער.

## אונזערע גייסטליכע פיהרער

יעדע גרופּע האט זיך איהר רב, וועלכער געהט צוזאמען מיט זיין געמיינדע. אלע גרופּירען זיך פריי און אהן יעדען צוואנג. בראש פון דער לאקאלער גרופּע שטעהט דער רב. וויפיל רבנים, אזויפיל לאקאלע גרופּען. די רבנים וועלען אויך זיין די ערשטע וואס וועלען אונז פארשטעהן; זיי וועלען זיין די ערשטע, וואס וועלען זיך פאר דער זאך באגייסטערען און אין די סינאגאגען באגייסטערען די אנדערע. מען דארף דערצו ניט האבען קיין באזונדערע פערזאמלונגען מיט זייערע פּלוידערייען. די פערשפּרייטונג פון דער אידעע ווערט א טייל פון גאטעס־דינסט. און אזוי דארף עס אויך זיין. מיר אנערקענען אונזער היסטארישע צוזאמענגעהעריג־קייט נאר דורך אונזער אמונה, ווייל מיר האבען דאך שוין לאנג אויפגענומען אין זיך אויף אן אונאויסלעשבארען אופן די שפּראכען פון פארשיידענע נאציאנען.

די רבנים וועלען שטענדיג באקומען צוגעשיקט אלע נויטיגע ידיעות פון דער סאסייעטי און פון דער קאמפּאני, און זיי וועלען זיי מודיע זיין און אויפקלערען זייערע קהלות. ישראל וועט פאר אונז, פאר זיך, מתפלל זיין.

## צוטרוי־מענער פון די לאקאלע גרופּען

די לאקאלע גרופּען וועלען באשטימען קליינע קאמיסיעס פון צוטרוי־מענער אונטער דעם פארזיץ פון רב. אלע פראגען פון א פּראקטישען כאראקטער, די לאקאלע באדערפנישען, וועלען דארטען ארומגערעדט און באשלאסען ווערען.

אויב זי וועט עס וועלען, וועט די לאָקאַלע גרופּע מיט זיך אַריבערפיהרען איהרע ביז־איצטיגע צדקה־אַנשטאַלטען. די דאָזיגע גרינדונגען וועלען אויך אין דעם נייעם לאַנד פאַרבלייבען אין דער אַמאָליגער לאָקאַלער גרופּע, אָבער די געביידען אין דעם אַלטען לאַנד דאַרפען נאָך מיין מיינונג ניט פאַרקויפט ווערען נאָר איבערגעגעבען ווערען צו די קריסטליכע נויט־ליידענדע אין די פאַרלאָזענע שטעדט. דאָס וועט מען פאַררעכענען די לאָקאַלע גרופּען אין נייעם לאַנד ביי דער באָדען־פאַרטיילונג, דערמיט וואָס מען וועט זיי געבען דערפאַר אומזיסטע בוי־פּלעצער און יעדע דערלייכטערונג צום בויען.

ביי דער אַריבערפיהרונג פון די צדקה־אַנשטאַלטען האָבען מיר ווייטער אַ געלעגענהייט, ווי שוין אין מאַנכע אַנדערע פּונקטען פון דעם איצטיגען פּלאַן, צו אונטערנעמען אַ פאַרזוך אין די אינטערעסען פון דער גאַנצער מענשהייט. אונזער איצטיגע פאַרדרעהטע וואוילטעטיגקייט טוט אויף וועניג גוטעס אין פאַרגלייך מיט דער פאַרוועגדעטער אַרבייט. די צדקה־אַנשטאַלטען קענען און מוזען געבראַכט ווערען אין אַ באַשטימטער אָרדנונג, כדי זיי זאָלען זיך געגענזייטיג דערגענצען. אין אַ נייער געזעלשאַפט קענען אַלע די דאָזיגע איינריכטונגען פאַרווירקליכט ווערען לויט די יסודות פון די מאָדערנע אַנשויאונגען און פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע ערפאַהרונגען. די זאַך איז פאַר אונז זעהר וויכטיג, מחמת מיר האָבען אַ סך בעטלערס. צוליב דעם אויסערליכען שווערען דרוק וואָס מאַכט זיי מוטלאָז און צוליב דער ווייכהאַרציגער וואוילטעטיגקייט פון די רייכע וואָס מאַכט זיי פאַרוואוינט, לאָזען זיך די שוואַכערע נאַטורען צווישען אונזערע מענשען לייכט פאַרפיהרען צו בעטלעריי.

געשטיצט פון די לאָקאַלע גרופּען וועט די סאָייעטי שענקען דעם דאָזיגען געביט פון דער עפענטליכער ערציהונג איהר גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. פאַר אַ סך כחות, וואָס געהען איצט אין ניוועץ, ווערט דאָ באַשאַפען אַ פרוכטבאַרער באָדען. ווער עס האָט דעם גוטען ווילען זאָל לויט די מעגליכקייטען פּראָדוקטיוו פאַרוועגדעט ווערען. קיין בעטלער וועלען מיר ניט דולדען. ווער עס וויל ניט זיין נוצליך אַלס פרייער מענש, וועט אַוועקגעשיקט ווערען אין דאָס צוואַנגס־אַרבייטסהויז.

דאַגעגען וועלען מיר ניט צולאָזען, אַז אונזערע אַלטע לייט זאָלען פאַרשפּאַרט ווערען אין הקדשים. דער הקדש איז איינע פון די אַכזריות׳דיגע וואוילטעטיגקייטען, וואָס אונזער נאַרישע גוטמוטיגקייט האָט אויסגעטראַכט. אין הקדש שעמט זיך און קרענקט זיך דער אַלטער מאַן צום טויט. אייגענטליך איז ער שוין אַ באַגראָבענער. מיר אָבער ווילען, אַז אַפילו די וואָס געפינען זיך שוין אויף די אונטערשטע שטופען פון אינטעליגענץ, זאָלען ביז צו זייער סוף האָבען די טרייסטענדע אילוזיע פון זייער נוצליכקייט. אַלטע לייט וואָס זיינען ניט מעהר פעהיג

צו פיזישער אַרבייט זאָלען באַקומען אַ לייכטע באַשעפטיגונג. מיר מוזען דערמיט רעכענען, אַז דער דור וואָס געפינט זיך איצט שוין אין פיזישען צערפאַל האָט צווישען זיך אָפּגעטויטע מענשען. אָבער אונזערע נאָכקומענדע דורות זאָלען אין דער פרייהייט אַנדערש דערצויגען ווערען, פאַר דער פרייהייט.

פאַר יעדען לעבענס־אַלטער, פאַר אַלע לעבענס־שטופען וועלען מיר שאַפען די מאָראַלישע אויפלעבונג פון דער אַרבייט. אויף דעם אופן וועט אונזער פאָלק צוריק באַקומען פון דעם זיבען־שעה'דיגען אַרבייטס־טאָג זיין טיכטיגקייט אין דעם נייעם לאַנד.

## שטאָדט־פּלענער

די לאָקאַלע גרופּען וועלען אַריבערשיקען זייערע באַפולמעכטיגטע כדי אויסצוקלייבען פאַר זיי די נייע וואוין־ערטער. ביי דער באָדען־פאַרטיילונג וועט מען האָבען אין זינען צו שאָנעווען די געפיהלען און געוואוינהייטען פון דער אַלטער היים. אַלץ, וואָס איז באַרעכטיגט דערהאַלטען צו ווערען זאָל בלייבען.

די שטאָדט־פּלענער וועלען עפענטליך אויסגעשטעלט ווערען אין די לאָקאַלע גרופּען. די אויסוואַנדערער וועלען אין פאָראויס וויסען וואוהין זיי געהען, אין וועלכע שטעדט און וועלכע הייזער זיי וועלען וואוינען. מיר האָבען פריהער שוין גערעדט וועגען דעם, אַז די בוי־פּלענער און קלאָרע בילדער פון די הייזער־מאָדעלען זאָלען צוגעשטעלט ווערען צו די לאָקאַלע גרופּען.

גענוי ווי עס וועט אין דער פאַרוואַלטונג איינגעפיהרט ווערען אַלס פּרינציפּ די שטרענגע צענטראַליזירונג, אַזוי וועט אויך אין די לאָקאַלע גרופּען זיין דאָס פּרינציפּ די פולסטע אויטאָנאָמיע. נאָר אַזוי וועט עס זיין מעגליך צו פאַרווירקליכען די איבער־פיהרונג אָהן זעעלישע ליידען.

איך שטעל זיך די זאַך פאָר ניט לייכטער ווי זי איז; מען דאַרף זי זיך אָבער אויך ניט פאָרשטעלען שווערער ווי זי איז.

## דער שטראָם פון מיטעלשטאַנד

דער מיטעלשטאַנד וועט אונווילקירליך אַריינגעצויגען ווערען אין דער באַוועגונג. איין טייל וועט האָבען זייערע זיהן אַלס באַאַמטע פון דער סאָסייעטי אָדער פון דער קאָמפּאַני אין נייעם לאַנד. אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים, טעכניקער פון אַלע צווייגען, האַנדעלס אָנגעשטעלטע, אַלע אידישע תכלית־זוכער וואָס ווערען איצט אַרויסגעשטופּט פון זייערע פּאָטערלענדער און וואַנדערען אויס אין אַלע טיילען פון דער וועלט צוליב פּרנסה, וועלען זיך אָנזאַמלען אויף דעם האָפנונגס־פעלען באָדען. אַנדערע ווידער וועלען האָבען חתונה געמאַכט זייערע טעכטער

פאר אזעלכע שטרעבזאמע יונגעלייט. אחוץ דעם, וועט איין יונגער מאן זיך אריבערברענגען זיין כלה, א צווייטער זיינע עלטערען און קרובים. אין נייע קאָלאָניאַל־לענדער האָט מען פריה חתונה. פון שטאנדפונקט פון דער אלגעמיינער מאָראל איז דאָס זעהר ווינשענסווערט און מיר באקומען א קרעפטיגען נאָכוואוקס; ניט ווי יענע שוואכע קינדער פון שפעט חתונה־געהאטע פאָטערס וואָס האָבען שוין פריהער פארנוצט זייער ענערגיע אין זייער לעבענס־קאמף.

יעדער אויסגעוואנדערטער פון אונזער מיטעלשטאנד ציהט נאָך זיך אנדערע.

די, וועלכע וועלען די ערשטע האָבען דעם מוט, זיי, פארשטעהט זיך, וועט געהערען דאָס בעסטע פון דער נייער וועלט.

דאָ קומען מיר, ווי עס ווייזט אויס, צו דער גרעסטער שוועריגקייט פון פלאן.

אפילו ווען עס זאָל אונז שוין געלינגען אוועקצושטעלען די אידען־פראגע אויף אן ערנסטען אופן צו א וועלט־דיסקוסיע —

אפילו ווען פון די דאָזיגע פארהאנדלונגען זאָל עס גאנץ באשטימט זיך ארויסשטעלען, אז דער יודענשטאאט איז א וועלט־נויטווענדיגקייט —

אפילו ווען מיר זאָלען שוין מיט דער אונטערשטיצונג פון די מלוכות באַקומען די סואווערעניטעט פון א טעריטאָריע:

ווי אזוי וועלען מיר אריבערברענגען די אידישע מאסען פון זייערע איצטיגע וואוין־ערטער אין דעם דאָזיגען נייעם לאנד אָהן צוואנג?

מיר שטעלען זיך דאָך פאָר, אז די וואנדערונג וועט אלעמאָל זיין א פרייוויליגע?

## דאָס וואונדער פון דער מאסע

איך גלויב ניט, אז עס וועט זיין נויטיג זיך שטארק אָנצושטרענגען כדי צו פארשפרייטען די באוועגונג. דערפאר וועלען שוין די אנטיסעמיטען זאָרגען. זיי דארפען נאָר אזויפיל טאָן ווי ביז איצט און דער חשק אויסצוואוואנדערען וועט זיך דערוועקען ביי די אידען, דאָרט וואו ער עקזיסטירט ניט, און וועט זיך פארשטארקען דאָרט וואו ער איז שוין יא פאראן. אויב די אידען פארבלייבען איצט אין די אנטיסעמיטישע לענדער איז דאָס הויפטזעכליך צוליב דעם, וואָס יעדערער, אפילו דער אונגעבילדעטער, ווייס, אז מיט די צאָהלרייכע וואנדערונגען אין

פאַרלויף פון די יאָהרהונדערטען האָבען מיר פאַר זיך קיינמאָל ניט געפונען קיין שטענדיגע הילף. ווען עס וואָלט היינט עקזיסטירען אַ לאַנד, וואָס וואָלט די אידען פריינדליך אויפגענומען און וואָלט זיי פאַרזיכערען בעסערע באַדינגונגען ווי די אידישע מדינה ווען זי וועט באַשאַפען ווערען, וואָלט זיך דער אידישער וואַנדערונגס־שטראָם תיכף אַהין אַ לאָז געטאָן. די אָרימע לייט, וואָס האָבען גאָר ניט וואָס אָנצואווערען, וואָלטען אַהין געלאָפען צו־פוס. איך באַהויפּט אָבער, און יעדערער וועט עס ביי זיך וויסען צי איך זאָג אמת, אַז צוליב דעם דרוק וואָס עס ליגט אויף אונז הערשט ביי אונז אַפילו צווישען די פינאַנציעל העכערע שיכטען אַ חשק אויסצואוואַנדערען. אָבער שוין די אָרימע מאַסען אַליין וואָלטען זיין ביכולת צו גרינדען די מדינה; דוקא זיי זיינען דאָס וויכטיגסטע מענשען־מאַטעריאַל ביי דער באַזיץ־נעמונג פון אַ לאַנד; כדי צו פאַרווירקליכען אַ גרויסע אונטערנעמונג, דאַרף מען גראָד האָבען אין זיך אַביסעלע פאַרצווייפלונג.

דערמיט אָבער וואָס אונזערע פאַרצווייפעלטע מענשען העכערען מיט זייער אָנקומען דעם ווערט פון דעם באָדען, רופען זיי ביסלאַכווייז אַרויס דעם חשק אויך צווישען די באַמיטעלטע קלאַסען זיי נאָכצופאָלגען.

די פאַרשיידענע העכערע שיכטען וועלען אַלץ מעהר ווערען פאַראינטערעסירט אויסצוואַנדערען. דער שטראָם פון די ערשטע, פון די אָרימסטע, וועט דאָך ווערען געפיהרט געמיינזאַם פון דער סאָסייעטי און פון דער קאָמפּאַני און וועט דערביי וואַהרשיינליך האָבען די אונטערשטיצונג אויך פון די שוין עקזיסטירענדע אויס־וואַנדערונגס־ און ציון׳ס־פאַראיינען.

ווי אַזוי לאָזט זיך אָבער אַ מאַסע שיקען נאָך אַ באַשטימטען אָרט אָהן אַ באַפעהל?

עס זיינען פאַראַן פאַראיינצעלטע אידישע פילאַנטראָפּען פון גרויסען סטיל, וואָס וואָלטען וועלען פאַרלייכטערען די ליידען פון די אידען דורך פּאַלעסטינא־פריינד־ליכע עקספּערימענטען. אַזעלכע בעלי־צדקה האָבען זיך שוין געמוזט באַשעפטיגען מיט דער דאָזיגער פראַגע און זיי האָבען זיך געטראַכט אַז זיי לייזען זי שוין דערמיט וואָס זיי גיבען די עמיגראַנטען געלט אָדער אַרבייטס־געצייג אין האַנט אַריין. דער פילאַנטראָפּ האָט זיך געהאַט די מיינונג: „איך באַצאָהל די מענשען כדי זיי זאָלען געהן אַהין״.

דאָס איז גרונד־פאַלש. מיט׳ן גאַנצען געלט פון דער וועלט קען מען דאָס ניט דערגרייכען.

די קאָמפּאַני וועט דאַגעגען ערקלערען: מיר צאָהלען זיי גאָר ניט, מיר מאַכען אַז זיי זאָלען אונז צאָהלען, נאָר דערפאַר גיבען מיר זיי עטוואָס.

איך וויל דאָס בילדליך ערקלערען מיט א וויציגען משל. איינער פון די דאָזיגע פילאַנטראָפּען — לאָמיר איהם אָנרופען דער באראָן — און איך, האָבען אָן איד׳עע צוזאמענצוברענגען א גרויסען המון אין א הייסען זונטאָג נאָכמיטאָג אויפ׳ן פּלאַץ פון לאָנגשאמפּ ביי פּאריז. אויב דער באראָן וועט יעדערען צוזאָגען 10 פראנק, וועט ער פאר 200,000 פראנק האָבען אריבערגעבראכט 20,000 פאר־שוויצטע, אומגליקליכע נפשות, וואס וועלען איהם שילטען קללות נמרצות פאר דער אָנשיקעניש וואָס ער האָט געבראכט אויף זיי.

איך דאגעגען וועל די דאָזיגע 200,000 פראנק באשטימען אלס א פּרייז פאר דאָס שנעלסטע פערדעל — און פארשפּאר דעם וועג צו לאָנגשאמפּ פאר די מענשען. ווער עס וויל אריינגעהן, מוז באצאָהלען: 1 פראנק, 5 פראנק, 20 פראנק.

דער רעזולטאט איז, אַז איך ברענג אריבער א האלב מיליאָן מענשען, דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק פאָהרט פארביי מיט זיין שטאאטס־קארעטע, דער המון איז לוסטיג און האָט הנאה פון זיך אליין. ניט קוקענדיג אויף היץ און שטויב באטראכט עס דער רוב אלס א שעהנעם שפּאציר־גאנג אין דער פרייער לופט, און איך האָב פאר די 200,000 פראנק א הכנסה פון א מיליאָן פון איינטריטס־געלט און ספּאָרט־שטייערען. איך וועל קענען האָבען די זעלבע מענשען אויפ׳ן זעלבען פּלאַץ צו יעדער צייט וואָס איך וויל; אָבער ניט דער באראָן — דער באראָן בשום אופן ניט.

לאָמיך דעמאָנסטרירען דעם וואונדער פון דער מאסע טאקע אויף אַן ערנסטען אופן, וואו עס האנדעלט זיך וועגען ברויט־פארדינען. זאָל מען אמאָל פּרובירען אויסרופען אין די גאסען פון א שטאָדט: „יעדערער וואָס וועט שטעהן אויף די פיס א גאנצען טאָג, ווינטער אין דער קעלט און זומער אין דער היץ, אין א פון אלע זייטען אָפענעם מארק־האָל און וועט יעדען פארבייגעהענדען מענשען פארטשעפּען איהם אָנבאָטענדיג זיין ביסעל סחורה, פיש אָדער אויבסט, באקומט 2 פלאָרין אָדער 4 פראנק אָדער וויפיל איהר ווילט נאָר".

וויפיל מענשען וועלען זיין גרייט דאָס צו טאָן? אפילו ווען דער הונגער וועט זיי טרייבען דערצו, וויפיל טעג וועלען זיי דאָס אויסהאלטען? און אויב זיי וועלען שוין יא אויסהאלטען, מיט וואָס פאר א חשק וועלען זיי פּרובירען צו פאראינטערע־סירען די פארבייגעהענדע אַז זיי זאָלען קויפען דאָס אויבסט, די פיש אָדער דאָס ביסעל סחורה?

מיר מאכען דאָס אנדערש. אויף די פּלעצער וואו עס הערשט א שטארקער פארקעהר — און די דאָזיגע פּלעצער קענען מיר זיך דאָך אַם לייכטסטען אויס־קלייבען, ווייל מיר וועלען דאָך אליין פיהרען דעם פארקעהר וואוהין מיר וועלען

וועלען, — אויף די דאָזיגע פּלעצער בויען מיר אויס גרויסע האָלס און רופען זיי אָן: מערק. אפילו ווען אונזערע האָלס זאָלען זיין ערגער, געזונדהייטס־שעדליכער געבויט ווי יענע, וועלען דאָך די מענשען צו אונז קומען אין מאַסען. מיר וועלען זיי אָבער בויען שעהנער און בעסער, מיט אונזער גאַנצער ברייטהארציגקייט. און די זעלבע מענשען, ווענען מיר האָבען ניט געמאַכט קיין שום פאַרשפּרעכונגען, ווייל מיר קענען זיי גאָר ניט צוזאָגען, סיידען מיר זיינען באַטריגער, די דאָזיגע אָרענטליכע אַרבייטס־לוסטיגע מענשען וועלען אין אַ פרעהליכער שטימונג שאַפען אַ לעבהאַפטען מאַרק־פאַרקעהר. אונערמידליך וועלען זיי שלעפּען די קונים, זיי וועלען שטעהן אויף די פיס און וועלען גאָר ניט באַמערקען זייער מידקייט. ניט נאָר וועלען זיי טאָג־איין, טאָג־אויס קומען צו לויפען אין אַיילעניש, כדי צו זיין די ערשטע, זיי וועלען אפילו גרינדען פאַרבאַנדען, קאַרטעלען, און אַלע מעגליכע זאַכען, נאָר כדי מען זאָל זיי ניט שטערען אין זייער באַשעפטיגונג. און אויב עס וועט זיך ביים מאַרק־אָפּשלוס אַרויסשטעלען אַז נאָך דער גאַנצער שווערער אַרבייט האָבען זיי פאַרדינט 1 פלאָרין און 50 קרייצער, אָדער 3 פראַנק, אָדער וואָס עס איז, וועלען זיי דאָך וואַרטען מיט האָפנונג אויף דעם מאָרגענדיגען טאָג, טאָמער וועט ער זיין אַ בעסערער.

מיר האָבען זיי געשענקט די האָפנונג.

פון וואַנען וועלען קומען די באַדערפנישען וואָס זיינען נויטיג כדי צו שאַפען די מערק? איז עס באמת נאָך נויטיג צו ענטפערען אויף דער פראַגע?
איך האָב שוין פריהער באַוויזען ווי דורך דער „הילף דורך אַרבייט" ווערט

דער פאַרדינסט פאַרגרעסערט אויף פופצעהן מאָל: פאַר איין מיליאָן — פופצעהן מיליאָן, פאַר איין מיליאַרד — פופצעהן מיליאַרד.

פרעגט מען: איז דאָס אָבער ריכטיג אויך אין גרויסען מאַסשטאַב אַזוי ווי אין קליינעם? די הכנסה פון קאַפּיטאַל האָט דאָך אין דער הויך אַן אָפּנעמענדען כאַראַקטער, וואָס פאַרקלענערט זיך אַליין? דערויף איז דער ענטפער: אודאי, ביים קאַפּיטאַל וואָס שלאָפט, וואָס איז פייג און פאַרקריכט אין אַ ווינקעל. דער קאַפּי־טאַל וואָס אַרבייט האָט אפילו אין דער הויך אַ שרעקליך זיך פאַרגרעסערנדע הכנסה־קראַפט. אָט דאָ ליגט די סאָציאַלע פראַגע.

צי איז דאָס וואָס איך זאָג ריכטיג? זאָלען די רייכסטע אידען זיין מיינע עדות. צוליב וואָס פיהרען זיי אַזוי פיל פאַרשיידענע אינדוסטריען? צוליב וואָס שיקען זיי אַרונטער מענשען טיף אין דער ערד כדי פאַר אַ מאָגערען לוין און אונטער די שרעקליכסטע געפאַהרען אַרויסצוברענגען קויהלען? איך שטעל זיך פאָר, אַז דאָס איז ניט קיין אַנגענעמע זאַך, אויך ניט פאַר די באַזיצער פון די קויהלען־גרובען. איך האַלט דאָך ניט דערפון אַז די קאַפּיטאַליסטען זיינען אָהן אַ

האַרץ און איך מאַך זיך ניט אַזוי ווי איך וואָלט דאָס יאָ גלויבען. מיין כונה איז דאָך ניט צו העצען נאָר אויסצוגלייכען.

זאָל איך נאָך דעמאָנסטרירען דאָס וואונדער פון דער מאַסע, וואָס מען קען שיקען נאָך יעדער ריכטונג, דורך די רעליגיעזע וואַנדערונגען?

איך וויל קיינעמס הייליגע געפיהלען ניט פאַרלעצען מיט ווערטער, וואָס קענען פאַלש אויסגעטייטשט ווערען.

איך וויל נאָר מיט איין וואָרט דערויף אַנווייזען וואָס עס הייסט אין דער מאַכמעדאַנישער וועלט די פּילגער־וואַנדערשאַפט קיין מעקאַ, וואָס עס באַדייט אין דער קאַטוילישער וועלט לורד און צאָהלרייכע אַנדערע ערטער פון וואַנען די מענשען קומען צוריק אַהיים געטרייסטע און בארוהיגטע, און וואָס עס מיינט דער הייליגער מאַנטעל אין טריער.

אַזוי וועלען מיר אויך שאַפען ציל־פּונקטען פאַר די רעליגיעזע געפיהלען פון אונזערע מאַסען. אונזערע גייסטליכע וועלען אונז די ערשטע פאַרשטעהן און מיט אונז געהן.

אין דעם נייעם לאַנד וועלען מיר לאָזען יעדערען זיך לעבען לויט זיין געוויסען, קודם כל אויך אונזערע ליבע פריידענקער, אונזער אונשטערבליכע אַרמיי, וואָס נעמט איין אַלץ נייע לענדער פאַר דער מענשהייט.

געגען קיינעם זאָל ניט אָנגעווענדעט ווערען קיין שום צוואַנג מעהר וויפיל עס איז נויטיג פאַר דער דערהאַלטונג פון מלוכה און אָרדנונג, און דאָס וואָס עס איז נויטיג וועט ניט באַשטימט ווערען פון דעם ווילקיר פון איינעם אָדער פון מעהרערע מענשען, נאָר עס וועט ווערען קלאָר און דייטליך אַרויסגעזאָגט אין פעסטע געזעצען. טאָמער וועט אימיצער איינווענדען, אַז פון די משלים וואָס איך האָב געבראַכט קען מען זעהן, אַז די מאַסען קען מען ברענגען צו אַזעלכע ציל־פּונקטען פון גלויבען, פּרנסה אָדער פאַרוויילונג נאָר צייטווייליג, איז עס זעהר לייכט די דאָזיגע טענה צו פאַרענטפערען. אַ צייטווייליגע זאַך קען די מאַסען מעהר ניט ווי פאַרלאָקען. אָבער אַלע די דאָזיגע אָנציהונגס־פּונקטען צוזאַמען זיינען ביכולת זיי פעסטצוהאַלטען און זיי אויף שטענדיג צו באַפרידיגען. מחמת אַלע די דאָזיגע אָנציהונגס־פּונקטען צוזאַמען בילדען אַ גרויסע אידעע, אַ לאַנג־געזוכטע, נאָך וועלכער אונזער פאָלק האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו בענקען; אַן אידעע, צוליב וועלכער דאָס פאָלק האָט זיך דערהאַלטען, צוליב וועלכער עס איז דערהאַלטען געוואָרען דורך דעם דרוק: די פרייע היים! ווען די באַוועגונג וועט זיך אָנהויבען וועלען מיר די ערשטע נאָכשיקען נאָך אונז, די אַנדערע וועלען שוין נאָכלויפען, די

דריטע וועלען ווערען מיטגעריסען און די פערטע וועט מען אונז שוין נאָכליפערען אין שטורם.

די לעצטע, די אונזיכערע, פארשפעטיגטע נאָכלויפער, זיי וועט אין ביידע ערטער זיין ערגער פאר אלעמען.

אָבער די ערשטע וואס וועלען אריבערגעהן, גלויביג, באגייסטערט און מוטיג, וועלען האָבען די בעסטע פלעצער.

## אונזער מענשען־מאַטעריאַל.

וועגען קיין פאָלק געהען ניט ארום אזוי פיל טעות'ן ווי וועגען די אידען. דערביי זיינען מיר צוליב אונזערע היסטאָרישע ליידען געוואָרען אזוי געדריקט און מוטלאָז, אז מיר אליין ריידען שוין נאָך די דאָזיגע טעות'ען און גלויבען זיי. איינע פון די דאָזיגע פאלשע באהויפטונגען איז דער איבערטריבענער חשק צו מסחר ביי אידען. אין אמת'ן אָבער איז עס באַקאַנט, אז אומעטום וואו מיר שטייגען ארויף א דאנק אונזער עקאָנאָמישען וואוילשטאנד אין א העכערען קלאַס, דערוויטערען מיר זיך ניט פון מסחר. דער גרעסטער טייל פון די אידישע סוחרים לאָזט זייערע זיהן שטודירען. דערפון שטאַמט אויך די כלומר'שטע פאראידישונג פון אלע געבילדעטע פראָפעסיעס. אָבער אפילו אויך אין די עקאָנאָמיש־שוואכערע שיכטען איז אונזער האנדעלס־חשק בשום אופן ניט אזוי גרויס ווי מען מיינט. אין די מזרח־אייראָפעאישע לענדער זיינען פאראַן גרויסע אידישע מאסען, וואס באשעפטיגען זיך ניט מיט מסחר און ציהען זייער חיונה פון שווערער ארבייט. די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט זיין אין דער לאגע צוצוגרייטען א וויסענשאפטליך־גענויע סטאטיסטיק פון אונזער מענשען־מאַטעריאַל. די נייע אויפגאַבען און אויסזיכטען, וואס די אידען וועלען געפינען אין דעם נייעם לאנד וועלען צופרידען שטעלען די איצטיגע בעלי־מלאכות און וועלען פארוואנדלען א סך פון די איצטיגע סוחרים'לאך און קליין־הענדלער אין בעלי־מלאָכות.

א פעדלער וואס וואנדערט איבער'ן לאנד מיט דער לאסט אויפ'ן רוקען פיהלט זיך גאָרניט אזוי גליקליך ווי זיינע פארפאָלגער גלויבען. מיט דער הילף פון זיבען־שעה'דיגען ארבייטס־טאָג קען מען אָט די אלע מענשען מאכען פאר ארבייטער: זיינען זיי דאָך עהרליכע מענשען אין וועלכע מען האָט אזא טעות און זיי אליין ליידען אפשר גאָר אם שווערסטען. אגב, וועט די סאָסייעטי אָוו דזשוז זיך פון אָנהויב אָן באשעפטיגען מיט זייער ערציהונג אלס ארבייטער. דעם אינטערעס צו פארדינען דורך ארבייט וועט מען ארויסרופען אויף א געזונטען אופן. דער איד איז שפאָרעוודיג, גיט זיך אלעמאָל אן עצה און האָט א שטארקען געפיהל פאר דאָס

פאמיליען־לעבען. אזעלכע מענשען טויגען צו יעדער מלאכה און עס וועט זיין גענוג צו מאכען דעם קליינהאנדעל פאר ניט־לוינענד כדי פון איהם צו דערווייטערען אפילו די איצטיגע פעדלערס. פאר דעם צוועק וואלט, למשל, געווען ראטזאם צו אונטער־שטיצען די גרינדונג פון גרויסע פארקויפס־הייזער, וואו מען קען באקומען אלע סחורות. די דאזיגע צענטראלע געשעפטס־הייזער דערדריקען אין די גרויסע שטעדט איצט שוין דעם קליינהאנדעל. אין א נייעם ישוב וואלט מען אויף אזא אופן דעם קליינהאנדעל פון אנהויב אן מאכען פאר אונמעגליך. די גרינדונג פון צענטראלע פארקויפס־הייזער וואלט אויך געהאט די מעלה, וואס דערמיט מאכט מען פאסיג דאס לאנד פאר איינוואוינער מיט מאדערנע באדערפנישען.

## קליינע געוואוינהייטען.

איז עס פאראיינבאר מיט דעם ערנסט פון מיין בוך ווען איך רייד, אפילו נאר פארבייגעהענדיג ווענען די קליינע געוואוינהייטען און באקוועמליכקייטען פון דעם פשוט׳ען מענשען?

איך רעכען, אז יא. עס איז אפילו זעהר א וויכטיגע זאך. מחמת די דאזיגע קליינע געוואוינהייטען זיינען אזוי ווי טויזענט פעדימלאך. יעדעס איינצעלנע פעדימעל איז דין און שוואך — צוזאמען אבער זיינען זיי אן אונצורייסבארער קאנאט.

אויך בנוגע דעם ענין דארף מען זיך באפרייען פון באשרענקטע השגות. ווער עס האט עפעס־וואס געזעהן פון דער וועלט וויים אז איצט שוין ווערען גראד די דאזיגע קליינע טאג־טעגליכע געוואוינהייטען זעהר לייכט אומעטום אריבערגעפיהרט און פארפלאנצט. נאכמעהר, די טעכנישע דערגרייכונגען פון אונזער צייט, וועלכע אונזער פראיעקט וואלט וועלען פארווענדען אין די אינטערעסען פון דער מענשליכ־קייט, זיינען ביז איצט הויפטזעכליך אנגעווענדט געווארען פאר די קליינע געוואוינ־הייטען. אין ענגלאנד און אויף די אלפען־בערג אין דער שווייץ געפינען מיר ענגלישע האטעלען. מיר טרעפען אין זיד־אפריקא ווינער קאפע־הייזער, אין רוס־לאנד פראנצויזישע טעאטערס; מיר באקומען אין אמעריקא דייטשע אפעראס, און אין פאריז דערלאנגט מען אונז דאס בעסטע ביירישע ביער.

ווען מיר וועלען נאך אמאל אויסוואנדערען פון מצרים וועלען מיר ניט פאר־געסען די פלייש־טעפ.

יעדערער קען געפינען און וועט געפינען אין יעדער לאקאלער גרופע זיינע קליינע געוואוינהייטען — נאר בעסער, שעהנער און אנגענעהמער.

# סאָסייעטי און דזשוז און יודענשטאַט.

Negotiorum Gestio. (געשעפטס־פיהרונג)

דאָס איצטיגע בוך איז ניט באשטימט פאר קיין פאַך־יוריסטען; צוליב דעם קען איך מיין טעאָריע וועגען דעם גרונד־רעכט פון דער מלוכה אַנדייטען, ווי פילע אַנדערע זאכען, נאָר פאַרבייגעהענדיג. פונדעסטוועגען האָט מיין נייע טעאָריע דאָך אַ געוויסע באַדייטונג. אַפילו אין אַ פאַך־יוריסטישער דיסקוסיע וועט זי אויס־האַלטען דעם עקזאַמען.

רוסאָ'ס אויפפאַסונג, וואָס איז היינט שוין פאַראַלטערט, זאָגט, אַז די מלוכה איז געגרינדעט געוואָרען דורך אַ געזעלשאַפטליכען אָפּמאַך פון מעהרערע צוזאַמענ־וואוינענדע עלעמענטען. רוסאָ דענקט: „די פאַראַגראַפען פון דעם דאָזיגען אָפּמאַך זיינען פון זייער פאַרהאַנדלונגס־נאַטור אַזוי פעסט באַשטימט אַז די קלענסטע ענדע־רונג מוז זיי מאַכען צו גאָרנישט. דער רעזולטאַט דערפון איז, אַז די דאָזיגע פונקטען, אַפילו ווען זיי וועלען ניט אויסדריקליך דערמאָנט, זיינען זיי דאָך אומעטום גלייך, אומעטום שטילשווייגענד אָנגענומען און אנערקענט, א. א. וו."

ניט קוקענדיג דערויף ווי מורא'דיג און פרוכטבאַר רוסאָ'ס טעאָריע האָט גע־ווירקט, איז עס ניט געווען שווער און עס איז ניט שווער זי לאָגיש און היסטאָריש אָפּצולייקענען. פאַר די מאָדערנע קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות איז עס אָהן אַ פּראַקטי־שען אינטערעס צו אונטערזוכען, צי איידער די קאָנסטיטוציע איז אנטשטאַנען האָט שוין עקזיסטירט אַ געזעלשאַפטליכער אָפּמאַך „מיט פאַראַגראַפען וואָס זיינען ניט אויסדריקליך ארויסגעזאָגט, אָבער דאָך קען מען זיי ניט איבערצוזעהן". איצט יעדענפאַלס איז די רעכטליכע באַציהונג צווישען רעגירונג און בירגער שוין קלאָר און באַשטימט.

אָבער נאָך איידער די פאַרפאַסונג איז באַשאַפען און אויך ביי דער אנשטעהונג פון אַ נייער מלוכה האָבען אָט די גרונד־רעכט־פראַגען אויך אַ פּראַקטישע באַדייטונג. אַז נייע מדינות קענען אויך היינט נאָך אנטשטעהן, איז אַ זאַך וואָס מיר ווייסען און זעהען. קאָלאָניעס רייסען זיך אָפּ פון זייער מוטערלאַנד, אונטערטעניגע פירסטען באַפרייען זיך פון זייערע אויבערהערשער און ניי־אַנטדעקטע טעריטאָריעס ווערען גלייך באַגרינדעט אַלס פרייע מלוכות. דער יודענשטאַאַט, אמת, איז אַ גאַנץ מערקווירדיגע נייע שאַפונג, וואָס מען דאַרף זיך ערשט פאָרשטעלען אויף אַ נאָך אונבאַשטימטער טעריטאָריע. אָבער ניט די לאַנד־שטחים זיינען דאָך דער שטאַאַט, נאָר די פאַראייניגטע מענשען־גרופּע אונטער אַ באַשטימטען סואווערעניטעטס־פּרינציפּ.

דאָס פאָלק איז דער פּערזענליכער, דאָס לאַנד דער זאַכליכער יסוד פון דער מלוכה. פון די דאָזיגע ביידע יסודות איז דער פּערזענליכער דער וויכטיגערער.

עס עקזיסטירט, למשל, אַ סואווערעניטעט אָהן דעם זאַכליכען יסוד און זי איז אפילו די אַם מייסטען געשעצטע אויף דער גאַנצער וועלט: דאָס איז די סואווערעניטעט פון פויפּסט.

אין דער שטאַאַטס־וויסענשאַפט הערשט היינט די טעאָריע, אַז די נויטוועודיג־קייט, וואָס ווערט דיקטירט פון דער פאַרנונפט, איז אַנטשיידענד אין לעבען. די דאָזיגע טעאָריע איז אויסרייכענד כדי צו דערקלערען די אַנטשטעהונג פון דער מלוכה און מען קען זי ניט היסטאָריש אַפּלייקענען, ווי די טעאָריע פון געזעלשאַפטליכען אָפּמאַך. אויף ווי ווייט עס האַנדעלט זיך וועגען דער אַנטשטעהונג פון יודענשטאַאַט, גלויב איך אינגאַנצען אין דער טעאָריע פון דער פאַרנונפטס־נויטוועודיג־קייט. די דאָזיגע טעאָריע פאַרענטפערט אָבער ניט דעם רעכטס־יסוד פון שטאַאַט. די טעאָריעס, אַז די מלוכה־גרינדונג איז פאַרווירקליכט געוואָרען פון געטליכען ווילען, אָדער דורך טעראָר, דורך דאָס פּאַטריאַרכאַלישע רעכט, ירושה־רעכט אָדער דורך אַן אָפּמאַך, זיינען ניט פאַראייגבאַר מיט דער מאָדערנער אָנשויאונג. אַמאָל זוכט מען דאָ דעם קערן פון דעם מלוכה־רעכט׳ס גרונד ביי די מענשען (טעראָר, פּאַט־ריאַרכאַל־ און אָפּמאַך־טעאָריע), אַמאָל הויך איבער די מענשען (געטליכע גרינדונג) און אַמאָל גאָר אונטער די מענשען (אַז דאָס רעכט איז אונז איבערגעגעבען געוואָרען בירושה). די פאַרנונפט־נויטוועודיגקייט איז זעהר אַ באַקוועמע און פּאָרזיכטיגע טעאָריע און זי לאָזט די פראַגע אונפאַרענטפערט. אַ פראַגע אָבער מיט וועלכער די גרעסטע רעכטס־פילאָזאָפען פון אַלע צייטען האָבען זיך אַזוי ערנסט אָפּגעגעבען, קען דאָך ניט זיין אינגאַנצען אַזוי אָהן יעדען תכלית. פאַקטיש ליגט אין דער שטאַאַטס־אידעע אַ מישונג פון מענשליכעס און איבערמענשליכעס. פאַר דער באַגרינדונג פון די אָפט שווערע באַציהונגען פון די באַהערשטע צו די באַהערשער, איז אַ רעכטליכער יסוד אַבסאָלוט נויטוועודיג. איך גלויב, אַז דער דאָזיגער רעכטליכער גרונד קען געפונען ווערען אין דער „נעגאָציאָרום געסטיאָ״ (געשעפטס־פיהרונג). דאָס הייסט, מען דאַרף זיך פאָרשטעלען די בירגער־מאַסע אַלס דעם „דאָמינוס נעגאָציאָרום״ (בעל־הבית) און די רעגירונג אַלס דעם „געסטאָר״ (פיהרער, אונטערהאַנדלער).

דער וואונדערבאַרער רעכטס־באַגריף פון די רוימער האָט באַשאַפען אַ נאָבעלעס מייסטערווערק אין דער „געשעפטס־פיהרונג״. ווען אימיצענס אייגענטום איז אין געפאַהר, איז יעדערער באַרעכטיגט עס צו ראַטעווען. דאָס איז דער „געסטאָר״, דער פיהרער און פאַרוואַלטער פון פרעמדע געשעפטען. ער האָט ניט קיין שום אויפטראַג דערצו, דאָס הייסט, ניט קיין מענשליכען אויפטראַג. ער באַקומט דעם אויפטראַג דער־צו פון אַ העכערער נויטוועודיגקייט. פאַר דער מלוכה קען די דאָזיגע העכערע נויט־וועודיגקייט פאָרמולירט ווערען אויף פאַרשיידענע אופנים און זי ווערט אויך אין די פאַרשיידענע קולטור־מדינות לויט דער אַלגעמיינער באַגריף־פעהיגקייט פאַר־שיידענאַרטיג פאָרמולירט. דער צוועק פון דער „פיהרונג״ איז די טובה פון דעם

„בעל־הבית", פון פאָלק, צו וועלכען אויך דער „געסטאָר" אַליין, דער פיהרער, געהערט.

דער „פיהרער" פאַרוואַלטעט אַן אייגענטום, פון וועלכען ער אַליין איז אַ מיט־באַזיצער. זייענדיג אַ מיט־באַזיצער באַקומט ער דערמיט די גענויע דערקענטניש ווען און וואו עס איז נויטיג אריינצושפּרינגען כדי צו העלפען, ווען עס איז נויט־ווענדיג קריג און פרידען; בשום אופן אָבער גיט ער זיך ניט אַליין דעם ענדגילטיגען אויפטראַג אויף'ן סמך דערפון וואָס ער איז אַ מיטבאַזיצער. אין בעסטען פאַל קען ער די צושטימונג פון די אונצעהליגע מיט־באַזיצער נאָר משער זיין.

דער שטאַאט אַנטשטעהט דורך דעם עקזיסטענץ־קאַמף פון אַ פאָלק. אין דעם דאָזיגען קאַמף איז עס אונמעגליך צוערשט צו באַקומען אַ נאָרמאַלען אויפטראַג אויף אומשטענדליכע וועגען. ווען מען זאָל צוערשט וועלען דערגרייכען אַ נאָר־מאַלען מערהייטס־באַשלוס, דאַן וואָלט דאָס אין פאָראויס אונמעגליך מאַכען יעדע אונטערנעמונג לטובת הכלל. די אינוועניגסטע מחלוקת'ן וואָלטען דאַן דאָס פאָלק מאַכען מאַכטלאָז אַנטקעגען דער אויסערליכער נויט־לאַגע. פאַראַן אַן אַלט וואָרט, אַז אַלע קעפּ קען מען אַרונטערברענגען אונטער איין הוט. דערפאַר טאַקע טוט זיך דער געשעפטס־פיהרער אָן דעם הוט און געהט פאָראויס.

דער שטאַאטליכער געשעפטס־פיהרער איז גענוג לעגיטימירט אין אַ צייט ווען די זאַך פון כלל איז אין אַ סכנה און דער „בעל־הבית" איז צוליב ווילענס־אונפעהיגקייט אָדער צוליב אַנדערע סבות פאַרהינדערט זיך אַליין צו העלפען.

מיט זיין אַקטיווען איינגרייפען אָבער פאַלען אויף דעם געשעפטס־פיהרער, גענוי ווי דאָס וואָלט זיין לויט אַ באַשטימטען קאָנטראַקט, געוויסע התחייבות'ן אַנטקעגען דעם דאָמינוס (בעל־הבית, פאָלק). דאָס איז דאָס אור־רעכט, דער פּרימיטיווער יסוד פון די מענשליכע גענענזייטיגע רעכטס־באַציהונגען.

דער געשעפטס־פיהרער מוז דאַן זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר יעדען פאַרזעהן, אויך בנוגע דער פאַרשולדיגטער ניט־אויספיהרונג פון אונטערגענומענע אויפגאַבען און פאַר דער פאַרנאַכלעסיגונג פון אויפטראַגען וואָס שטעהען אין אַ וועזענטליכען צוזאַמענהאַנג מיט די מלוכה־אינטערעסען און אַזוי ווייטער. איך וויל דאָ דעם גע־דאַנק פון דער געשעפטס־פיהרונג ניט אַנטוויקלען אין אַלע איינצעלהייטען און איהם אָנווענדען אויף דער גאַנצער מלוכה־אידעע. דאָס וואָלט אונז אַראָפּפיהרען צו ווייט פון אונזער טעמא. נאָר איין זאַך וויל איך נאָך באַמערקען: „דורך דעם באַשלוס ווערט די געשעפטס־פיהרונג (רעגירונג, געזעץ) בינדענד אויך פאַר דעם געשעפטס־בעל־הבית (פאָלק), פּונקט ווי זי וואָלט לכתחילה אויסגעפיהרט געוואָרען לויט זיין (דעם פאָלק'ס) אויפטראַג".

און וואָס מיינט דאָס אַלעס אין אונזער פאַל?

דאָס אידישע פאָלק איז היינט־צו־טאָג פאַרהינדערט דורך דעם גלות אַליין צו פיהרען זיינע פּאָליטישע געשעפטען. דערביי געפינט עס זיך אין מעהרערע ערטער אין פאַרשידענע פאָרמען אין אַ נויט־לאַגע. עס באַנויטיגט זיך קודם כל אין אַ שטאאַטליכען געשעפטס־פיהרער.

אַלס דער דאָזיגער געשעפטס־פיהרער טאָר, פאַרשטעהט זיך, ניט אויפטרעטען אַ יחיד. דאָס וואָלט געווען לעכערליך, אָדער — ווייל עס וואָלט קענען מאַכען דעם איינדרוק פון אַ פּערזענליכען אויסנוצונגס־אינטערעס — וואָלט עס אַרויסרופען פאַראַכטונג.

דער געשעפטס־פיהרער פון אידישען פאָלק מוז אין יעדען זין פון וואָרט זיין אַ מאָראַלישע פּערזאָן.

און דאָס איז די סאָסייעטי אָוו דזשוז.

## דער געשעפטס־פיהרער פון אידישען פאָלק.

די פאָלקס־באַוועגונג וועט קודם כל באַשאַפען דעם אָרגאַן פון דער אידישער פאָלקס־געשעפטס־פיהרונג. מיר ווילען דאָ איצט אַרומריידען דעם כאַראַקטער און די אויפגאַבען פון דער דאָזיגער קערפּערשאַפט. די גרינדונג וועט פאָרקומען אויף אַ זעהר פּשוט'ן אופן. די מוטיגע ענגלישע אידען, וועלכע איך האָב אין לאָנדאָן באַ־קאַנט געמאַכט מיט מיין פּלאַן, וועלען בילדען די דאָזיגע מאָראַלישע פּערזאָן.

די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט זיין די הויפּט־לייטונג פון דער אידישער פאָלקס־באַוועגונג.

די סאָסייעטי האָט וויסענשאַפטליכע און פּאָליטישע אויפגאַבען. די גרינדונג פון יודענשטאַאַט, ווי איך מאָהל זי מיר אויס אין מיין געדאַנק, איז אויפ־געבויט אויף מאָדערנע וויסענשאַפטליכע הנחות. ווען מיר געהען היינט־צו־טאָג אַרויס פון מצרים קען דאָס ניט פאָרקומען לויט די נאַאיווע השגות פון אַמאָליגע צייטען. מיר וועלען זיך פריהער, איידער מיר נעמען זיך דערצו, אָפּעבען אַ גענויעם דין וחשבון וועגען אונזער צאָהל און אונזערע כחות. די סאָסייעטי אָוו דזשוז איז דער נייער משה פון אידישען פאָלק. דער פאַרגלייך צווישען דער אַמאָליגער אונטערנעמונג פון דעם אַלטען גרויסען אידישען פאָלקס־געשעפטס־פיהרער אין די פּרימיטיווע צייטען און אונזער היינטיגער אונטערנעמונג איז פּונקט ווי אַ וואונדער־שעהנער אַלטער געזאַנג אין פאַרגלייך צו אַ מאָדערנער אָפּערא. מיר שפּילען דיזעלבע מעלאָדיעס נאָר מיט פיל, פיל מעהר פידלען, פלייטען, האַרפען,

קניע־ און באַס־אינסטרומענטען, מיט עלעקטרישען ליכט, דעקאָראַציעס, כאָרס, מיט א גרויסאַרטיגער אויסצירונג און מיט די בעסטע זינגערס.

די אויפגאַבע פון דעם איצטיגען בוך איז אָנצוהויבען אַן אַלגעמיינע דיסקוסיע אעגען דער אידען־פראַגע: פריינד און פיינד וועלען זיך דערין באַטייליגען — ווי איך האָף, ניט מעהר אין דער ביז־איצטיגער פאָרם פון סענטימענטאַלע אידען־פאַר־טיידיגונגען און אויפגערעגטע באַשימפּפונגען געגען די אַנטיסעמיטען. די דיסקוסיע זאָל געפיהרט ווערען גרויס, ערנסט און פּאָליטיש.

די סאָסייעטי אָוו דזשוז וועט צונויפקלייבען אַלע ערקלערונגען פון די מלוכה־מענער, פון די פּאַרלאַמענטען, פון די אידישע קהלות, פון פאַראיינען, אַלץ וואָס ווערט וועגען דער זאַך ארויסגעזאָגט אין וואָרט און שריפט, אין פאַרזאַמלונגען, אין ביכער און אין דער פרעסע.

אזוי וועט די סאָסייעטי צום ערשטען מאָל דערגעהן און פעסטשטעלען אויב די אידען ווילען אַן מוזען שוין אויסוואַנדערען אין דאָס געבענשטע לאַנד. די סאָסייעטי וועט באַקומען פון אַלע אידישע קהלות אין דער וועלט כל־ערליי ידיעות און אינפאָרמאַציעס פאַר א גרינדליכער אידישער פאָלקס־סטאַטיסטיק.

די שפּעטערדיגע אויפגאַבען, די וויסענשאַפטליכע אויספאָרשונג פון לאַנד און זיינען נאַטירליכע אוצרות, דער איינהייטליכער אויסוואַנדערונגס־ און באַזעצונגס־פּלאַן, די פאָראַרבייטען פאַר געזעצגעבונג און פאַרוואַלטונג און אזוי ווייטער— דאָס אַלץ וועט מען געגוי מוזען אויסאַרבייטען און אַנטוויקלען לויט די באַדינגונגען און דעם צוועק פון דער אונטערנעהמונג.

נאָך אויסען וועט די סאָסייעטי זיך מוזען באַמיהען, ווי איך האָב שוין געזאָגט אין אָנהויב אין אַלגעמיינעם טייל, אנערקענט צו ווערען אַלס שטאַאַטס־בילדענדע מאַכט. מיט דער קראַפט פון דער פרייוויליגער צושטימונג מצד א גרויסער צאָהל אידען קען זי באַקומען די נויטיגע אויטאָריטעט אַנטקעגען די רעגירונגען.

נאָך אינוועניג צו, דאָס הייסט, לגבי דעם אידישען פאָלק, איז עס די אויפ־גאַבע פון דער סאָסייעטי צו באַשאַפען די איינריכטונגען וואָס זיינען אַבסאָלוט נויטוועגדיג פאַר דער ערשטער צייט — די אור־צעלע, כדי עס צו באַצייכענען מיט א נאַטור־וויסענשאַפטליכען אויסדרוק, פון וועלכער עס זאָלען זיך שפּעטער אַנט־וויקלען די עפענטליכע איינריכטונגען פון דעם יודענשטאַאַט.

ווי שוין געזאָגט, איז דאָס ערשטע ציל, צו באַקומען די פעלקער־רעכטליך גע־זיכערטע סואווערעניטעט אויף א לאַנד־שטח, וואָס זאָל זיין פאַסיג פאַר אונזערע גערעכטע באַדערפנישען.

וואָס זאָל דערנאָך געשעהן?

# די באזיצנעמונג פון לאַנד.

בעת די פעלקער פלעגען אין אמאָליגע צייטען וואנדערען האָבען זיי זיך געלאָזט פיהרען פון צופאל. זיי האָבען זיך געלאָזט ציהען און שליידערען פון בלינדען שיקזאל. ווי היישעריקען־מחנות זיינען זיי געגאנגען בלינדערהייט ביז זיי האָבען זיך ערגעץ־וואו אויסגעזוכט א מקום מנוחה. אין די אַלטע היסטאָרישע צייטען זיינען די מענשען ניט געווען באַקאַנט מיט דעם ערד־קוגעל.

די נייע אידישע אויסוואַנדערונג מוז פאַרקומען לויט וויסענשאַפטליכע יסודות.

מיט נאָך קנאַפע עטליכע פערציג יאָהר צוריק האָט מען געגראָבען גאָלד אויף א מערקווירדיגען פרימיטיווען אופן. ווי אַוואַנטוריסטיש אַלצדינג איז פאָרגעקומען אין קאַליפאָרניא! עס איז ארויס עפּעס א קלאַנג, און די חברה־לייט האָבען גענומען לויפען פון אַלע עקען און ווינקלען פון דער גרויסער וועלט; מען האָט זיך גענומען באַ׳גנב׳ענען די ערד און אַוועקרויבען איינער דעם צווייטענס גאָלד, און זיי האָבען דאָס אויף דעם זעלבען רויבערישען אופן פארשפּילט.

אָבער וואָס פאר א שנוי איז היינט! מען דאַרף נאָר וואַרפען א בליק אויף די גאָלד־גראָבונג אין טראַנסוואַאל. ניטאָ מעהר קיין ראָמאַנטישע בראַדיאַגעס. ערנסטע געאָלאָגען און אינזשינערען פיהרען די גאָלד־אינדוסטריע. קונציגע מאַשינען ציהען ארויס דאָס גאָלד פון דעם פארשטיינערטען זאַמד. מען פאַרלאָזט זיך ניט מעהר אויף דעם צופאַל.

מיט דעם זעלבען גייסט דאַרף מען זיך נעמען צו דער אויספאָרשונג פון דעם אידישען לאַנד. מיט אַלע מאָדערנע הילפס־מיטלען דאַרף מען עס שטודירען און נעמען אין באזיץ.

וויבאַלד נאָר דאָס לאַנד איז אונז פאַרזיכערט, פאָהרט אָפּ אַהין די שיף, וואָס דאַרף עס איבערנעמען אין אונזער רשות.

אויף דער שיף וועלען זיך געפינען פאַרטרעטער פון דער סאָסייעטי, פון דער קאָמפּאַני און פון די לאָקאַלע גרופּען.

די דאָזיגע לאַנד־איבערנעמער האָבען דריי אויפגאַבען: 1) וויסענשאַפטליך גרינדליך אויסצופאָרשען אַלע נאַטירליכע אוצרות פון לאַנד, 2) באַשאַפען א שטאַרקע צענטראַליזירטע פאַרוואַלטונג און 3) לאַנד־פאַרטיילונג. די דאָזיגע אויפגאַבען לויפען אריין איינע אין דער צווייטער און מען דאַרף זיי אויספיהרען לויט דעם צוועק, וואָס איז דאָ שוין אויספיהרליך אַנטוויקעלט געוואָרען.

נאָר איין פּונקט איז נאָך ניט גענוגענד אויפגעקלערט, נעמליך ווי אזוי מען זאָל נעמען דאָס לאנד אין באזיץ אין הסכם מיט די אינטערעסען פון די לאָקאלע גרופּען.

אין אמעריקא איז מען זיך נוהג, בעת מען אנטדעקט א נייע שטיק טעריטאָריע זי צו אָקופּירען אויף אַן אמת־נאאיווען אופן. די באָדען־איבערנעמער פארזאמלען זיך ביי דער גרעניץ און צו א באשטימטער שעה ווארפען זיך אלע צוזאמען כאפּ־לאפּ ארויף אויף די לאנד־שטיקער.

אין דעם נייעם אידישען לאנד וועט מען אזעלכע זאכען ניט טאָן. די פּלע־צער אין די פּראָווינצען און אין די שטעדט וועלען פארקויפט ווערען אויף אויקציאָן, אָבער ניט פאר געלט נאָר פאר לייסטונגען. צוערשט ווערט פעסטגע־שטעלט לויט אַן אלגעמיינעם פּלאַן וואָס פאר א גאסען, בריקען, וואסער־איינאָרד־נונגען א. אז. וו. עס זיינען נויטווענדיג פאר דעם פארקעהר. דאָס ווערט אויס־געארבייט לויט די פּראָווינצען. אויף דעם זעלבען אופן ווערען די שטאָדט־פּלעצער אויקציאָנירט אינערהאלב די פּראָווינצען. די לאָקאלע גרופּען זיינען זיך מתחייב דאָס אלץ אָרדענטליך און יושר'דיג דורכצופיהרען. זיי דעקען די הוצאות, וואָס אנט־שטעהען דערביי פון אייגענע אויטאָנאָמע פינאנציעלע באשטייערונגען. מחמת די סאָסייעטי וועט זיין ביכולת צו וויסען אין פאָראוים אויב די לאָקאלע גרופּען נעהמען ניט אויף זיך קיין צו גרויסע קרבנות. די גרעסערע קהלות באקומען גרויסע עפענטליכע פּלעצער פאר זייער טעטיגקייט. פאר גרעסערע קרבנות־גרייט־קייט וועט מען באלוינט ווערען דורך באשטימטע באוויליגונגען: אוניווערזיטעטען, פאך־אנשטאלטען, אקאדעמיעס, עקספּערימענטאלע סטאציאָנען און מלוכה־אינסטי־טוציעס, וואָס מוזען זיך ניט דוקא געפינען אין דער הויפּט־שטאָדט, וועלען פארטיילט ווערען איבער'ן לאנד.

דער זעלבסט־אינטערעס פון די באָדען־באקומען און אין נויט־פאל אויך די לאָקאלע באשטייערונג, וועלען דינען אלס גאראנטיע פאר דער ריכטיגער אויספיהרונג פון די איבערגענומענע התחייבות'ן. פּונקט אזוי ווי מיר קענען ניט און ווילען ניט אָפּשאפען דעם חילוק צווישען די איינצעלנע מענשען, אזוי מוז אויך דער אונטער־שייד צווישען די לאָקאלע גרופּען ווייטער פארבלייבען. אלצדינג ווערט צוזאמענ־געגלידערט אויף א נאטירליכען אופן. אלע ערוואָרבענע רעכט ווערען אָפּגעהיט, יעדע נייע שאפונג באקומט א מעגליכקייט פאר פרייער אנטוויקלונג.

אונזערע אידען וועלען די דאָזיגע אלע זאכען שוין גענוי פארשטעהן.

פּונקט ווי מיר ווילען ניט פארכאפּען און אָפּנארען אנדערע, אזוי נארען מיר זיך אליין אויך ניט אָפּ.

אלץ וועט זיין אין פאראויס אויסגעארבייט לויט א סיסטעמאטיעשן פלאן. אין דער אויסארבייטונג פון דעם דאזיגען פלאן, אויף וועלכען איך וויז אן נאר מיט אן אנדייטונג, וועלען זיך באטייליגען אונזערע בעסטע מוחות. פאר דעם צוועק וועלען מיר אויסנוצען אלע סאציאל־וויסענשאפטליכע און טעכנישע דערגרייכונגען פון דער צייט אין וועלכער מיר לעבען ווי אויך פון דער העכערער צוקינפטיגער צייט אין וועלכער די לאנגזאמע אויספיהרונג פון דעם פלאן וועט פארווירקליכט ווערען. אלע אויסגעצייכענטע ערפינדונגען וואס זיינען שוין דא און וואס וועלען נאך קומען דארפען אויסגענוצט ווערען. אויף אזא אופן קען דאס ווערען א פארם פון לאנד־איבערנעמונג און מלוכה־גרינדונג וואס האט ניט קיין ביישפיל אין דער געשיכטע, מיט אזעלכע אויסזיכטען אויף ערפאלג, וואס זיינען ביז איצט נאך קיינמאל ניט געוועזן.

# די קאנסטיטוציע

צווישען די ערשטע גרויסע קאמיסיעס, וואס די סאסייעטי וועט דארפען באשטימען, וועט דארפען זיין דער ראט פון די שטאאטס־וויסענשאפטליכע פאכלייט. זייער אויפגאבע וועט באשטעהן אין דער באשאפונג פון א מעגליכסט־גוטער און מאדערנער קאנסטיטוציע. לויט מיין מיינונג, דארף א גוטע קאנסטיטוציע זיין מעסיג בויגזאם. אין אן אנדער בוך האב איך קלאר געמאכט וואס פאר א מלוכה־פארם איך האלט פאר דער בעסטער. איך האלט, אז די דעמאקראטישע מאנארכיע און די אריסטאקראטישע רעפובליק זיינען די בעסטע מלוכה־פארמען. מלוכה־פארם און רעגירונגס־פרינציפ דארפען זיך באציהען איינער צום צווייטען אין גייסט פון אן אויסגלייכענדען און דערגענצענדען געגענזאץ. איך בין אן איבערצייגטער פריינד פון די מאנארכישע אינסטיטוציעס, ווייל זיי דערמעגליכען די פיהרונג פון א שטענדיגער פאליטיק און דערפאר ווייל זיי רעפרעזענטירען דעם אינטערעס פון א היסטאריש־באריהמטער, צום רעגירען געבוירענער און ערצויגענער פאמיליע וואס איז פאראינטערעסירט אין דעם קיום פון דער מלוכה. אונזער געשיכטע איז אבער שוין אזוי לאנג אפגעבראכען, אז מיר קענען שוין וועגען דעם ניט מעהר טראכטען זיך צוריק אנצושליסען צו דער דאזיגער טראדיציע. דער קלענסטער פארזוך אין דער ריכטונג וואלט ארויסגערופען אן אונגעהויערע לעכערליכקייט.

די דעמאקראטיע אהן דעם נוצליכען געגען־צד פון א מאנארך וויים ניט פון קיין גרעניצען אין דער אנערקענונג און אין דער פאראורטיילונג; זי דערפיהרט צו א פארלאמענטס־פלוידעריי און צו דעם מיאוס'ען קלאס פון די פראפעסיאנעלע פאליטיקער. א חוץ דעם זיינען די היינטיגע פעלקער גאר ניט פאסיג פאר אן אונבאשרענקטער דעמאקראטיע און איך גלויב אז וואס ווייטער וועלען זיי אלץ ווייניגער זיין צונעפאסט דערצו. די ריינע דעמאקראטיע פארלאנגט אלס פאראויסזעצונג

איינפאכע מנהגים און מאנירען, בעת אונזערע זיטען ווערען דורך דער מאָדערנער פארקעהרס־אנטוויקלונג אַלץ קאָמפּליצירטער. דער קלוגער מאָנטעסקיו זאָגט, אז די קראפט פון א דעמאָקראַטיע באשטעהט אין איהר מאָראַל. און וואו האָט מען זי היינט, די דאָזיגע מאָראַל, די פּאָליטישע מיין איך? אין אונזער פּאָליטישער מאָראַלישקייט גלויב איך ניט, מחמת מיר זיינען ניט בעסער פאר אַלע אַנדערע מאָדערנע מענשען און מחמת, דערפּיהלענדיג זיך אין דער פרייהייט, וועלען מיר אין דער ערשטער צייט זיך בלאָזען פון גרויסהאלטונג. א רעפערענדום האַלט איך פאר אונפּאָלשטענדיג, מחמת אין דער פּאָליטיק זיינען ניטאָ קיין פּשוט'ע פראַגען וואָס מען קען אָפּענטפערען מיט יאָ אָדער ניין. אחוץ דעם זיינען די מאסען, נאָך מעהר ווי די פּארלאמענטען, אונטערוואָרפען יעדער פארפיהרערישער אידעע און ווערען באאיינפלוסט פון יעדען שטארקען שרייער. אויף א מאסען־מיטינג קען מען ניט מאכען ניט קיין אויסערליכע און ניט קיין אינערליכע פּאָליטיק.

פּאָליטיק מוז געמאכט ווערען פון אויבען אראָפּ. דאָס מיינט אָבער ניט, אז אין יודענשטאאט זאָל מען ווערען געקנעכטעט. יעדער איד וועט האָבען די מעג־ליכקייט זיך ארויפצוארבייטען, יעדערער וועט וועלען זיך ארויפארבייטען. אויף דעם אופן וועט געהן דורכ'ן פאָלק א מעכטיגע שטרעבונג צו שטייגען. יעדערער וועט מיינען אז ער דערהויבט נאָר זיך אליין; דערביי אָבער ווערט דער גאַנצער כלל דערהויבען. דאָס ארויפשטייגען מוז זיך אויסדריקען אין מאָראַלישע פאָרמען, וואָס זיינען נוציליך פאר דער מלוכה און דינען דער פאָלקס־אידעע.

דערפאר גלויב איך, אז דאָס בעסטע איז אַן אריסטאָקראַטישע רעפּובליק. דאָס פּאסט זיך אויך אם בעסטען צום יחוס־זוכענדען באגריף פון אונזער פאָלק, א באגריף וואָס איז איצט דעגענערירט אין נארישע גאוה־מאניערען. איך טראכט פון פארשיידענע איינריכטונגען פון דער רעפּובליק ווענעדיג. אָבער אַלץ וואָס האָט געפיהרט צום חורבן פון ווענעדיג מוזען מיר פארמיידען. מיר וועלען לערנען פון היסטאָרישע פעהלערען פון אַנדערע ווי אויך פון אונזערע אייגענע, ווייל מיר זיינען א מאָדערנעס פאָלק און מיר ווילען ווערען דאָס מאָדערנסטע. אונזער פאָלק, ווענען די סאָסייעטי וועט פארשאפען דאָס נייע לאנד, וועט אָננעמען מיט דאנקבארקייט אויך די קאָנסטיטוציע וואָס די סאָסייעטי וועט איהם געבען. אויב אָבער געוויסע ריכטונגען וועלען זיך איהר אוועקשטעלען אין וועג וועט די סאָסייעטי זיי צוברעכען. אין איהר ארבייט קען זי זיך ניט לאָזען שטערען פון נארישע אָדער שלעכטע עלעמענטען.

## די שפּראַך.

אפשר טראכט אימיצער אז עס וועט זיין א שוועריגקייט דאָס וואָס מיר האָבען ניט מעהר קיין געמיינזאמע שפּראך. מיר קענען דאָך ניט ריידען צווישען זיך העברעאיש. ווער פון אונז קען גענוג העברעאיש כדי צו קויפען אין דער שפּראך א

רייזע־בילעט? ניטאָ מעהר אַזוינס. און דאָך איז דער ענין זעהר איינפאַך. יעדערער בלייבט ביי זיין אייגען שפּראַך, ביי דער שפּראַך וואָס איז די היים פון זיינע געדאַנקען. צו וואָס פאַר אַ מדרגה פון שפּראַכען־פאַרבינדונג מען קען דערגרייכען, גיט אונז די שווייץ דעם בעסטען ביישפּיל. מיר וועלען אויך אין דעם נייעם לאַנד בלייבען דאָס וואָס מיר זיינען איצט, גענוי ווי מיר וועלען ניט אויפהערען שמערצליך צו ליבען אונזערע פאָטערלענדער, פון וועלכע מיר זיינען ארויסגעשטופּט געוואָרען.

מיר וועלען אוועקוואַרפען די צוקאַליעטשעטע און טרויעריגע זשאַרגאָנען, די דאָזיגע געטאָ־שפּראַכען מיט וועלכע מיר באַנוצען זיך איצט. דאָס זיינען געווען די שפּראַכען וואָס געפאַנגענע ריידען צווישען זיך שטילערהייד. אונזערע שול־לעהרער וועלען שענקען דער פראַגע זייער אויפמערקזאַמקייט. די שפּראַך וואָס וועט זיך ארויסווייזען אַלס די נוצליכסטע פאַר דעם אַלגעמיינעם פאַרקעהר וועט זיך אָהן צוואַנג דורכשלאָגען אַלס די הויפּט־שפּראַך. צייכענט זיך דאָך אונזער פאָלקס־קבוץ אויס מיט זיין אייגענטימליכקייט, ער איז איינציג. אייגענטליך דערקענען מיר אונזער צוזאַמענגעהעריגקייט נאָר דורך דער אידישער אמונה.

## טעאָקראַטיע

הייסט דאָס אַז שליסליך קומען מיר צוריק צו דער טעאָקראַטיע, צו דער הערשאַפט פון רעליגיאָן? ניין! די רעליגיע האַלט אונז צוזאַמען, די וויסענשאַפט אָבער מאַכט אונז פריי. מיר וועלען דערפאַר שוין זאָרגען אַז די טעאָקראַטישע הערש־טענדענצען פון אונזערע רבנים און גייסטליכע זאָלען לכתחילה ניט אויפקומען. מיר וועלען שוין וויסען ווי איינצואָרדנען אַז זיי זאָלען זיך באַגרעניצען אויף די טעמפּלען און בתי־מדרשים, פונקט ווי מיר וועלען באַשרענקען אונזערע סאָלדאַטען אויף די קאַזאַרמעס. די אַרמיי און די גייסטליכקייט זאָלען באַקומען דעם גרעסטען כבוד און די העכסטע אויסצייכנונגען, ווי עס פאַרלאַנגען און פאַרדינען זייערע שעהנע פונקציעס. אין די ענינים פון שטאַאַט אָבער, וועלכער ברענגט זיי צו דער דאָזיגער אויסצייכנונג, זאָלען זיי זיך ניט אריינמישען. אויב יאָ, וועלען זיי ארויסרופען אינוועניגסטע און אויסערליכע שוועריגקייטען.

יעדערער איז אין זיין גלויבען אָדער אונגלויבען גענוי אַזוי פריי און אונבאַגרעניצט ווי אין זיין נאַציאָנאַליטעטס־געפיהל. און אויב עס וועט זיך מאַכען, אַז צווישען אונז וועלען וואוינען אַנדערש־גלויביגע, אָדער אָנגעהעריגע פון אַן אַנדער נאַציאָן, וועלען מיר זיי געבען אַן עהרענהאַפטע באַשיצונג און רעכטליכע גלייכהייט. אין אייראָפּאַ האָבען מיר זיך אויסגעלערענט די טאָלעראַנץ. איך זאָג דאָס ניט אַלס אַ וויץ. דעם איצטיגען אנטיסעמיטיזם קען מען נאָר אין איינצעלנע ערטער באַטראַכטען אַלס די אַלטע רעליגיעזע אונטאָלעראַנץ. על פּי רוב איז ער ביי די

קולטור־פעלקער א באוועגונג צו פארטרייבען פון זיך דעם געשפענסט פון זייער אייגענער פארגאנגענהייט.

## געזעצען.

ווען עס וועט האלטען נאָהענט צו דער פארווירקליכונג פון דעם שטאאטס־געדאנק וועט די סאָסייעטי אָוו דזשוז דורכפיהרען די געזעצגעבערישע פאָראַרבייטען דורך א יוריסטען־קאָלעגיום. פאר דער צווישענצייט קען מען איינפיהרען דעם פרינציפּ אז יעדערער פון די פון פארשיידענע לענדער איינגעוואנדערטע אידען דארף געאורטיילט ווערען לויט די געזעצען פון זיין ביזאהעריגען לאנד. מען מוז אבער תיכף אָנהויבען צו שטרעבען נאָך דער יורידישער איינהייטליכקייט. מיר ווילען מוזען האָבען מאָדערנע געזעצען. אויך דאָ מוזען מיר אומעטום אָנווענדען דאָס בעסטע. עס קען ווערען א מוסטער־געזעצגעבונג, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אלע גערעכטע סאָציאַלע פאָדערונגען פון דער געגענוואַרט.

## די אַרמיי.

דער יודענשטאאט איז געפּלאַנט אלס א נייטראַלע מדינה. ער באנויטיגט זיך נאָר אין א רעגולערען מיליטער, אָבער דארף זיין אויסגעריכט מיט אלע מאָדערנע קריגס־מיטלען, כדי צו פארזיכערען די ארדנונג דרויסען און אויך אינוועניג.

## די פאָהן.

מיר האָבען ניט קיין פאָהן. מיר דארפען זי אָבער האָבען. אויב מען וויל פיהרען א סך מענשען, דארף מען קענען אויפהויבען א סימבאָל איבער זייערע קעפּ.

איך שטעל זיך פאָר א ווייסע פאָהן מיט זיבען גאָלדענע שטערן. דאָס ווייסע פעלד איז א סימבאָל פאר דאָס נייע, ריינע לעבען; די שטערן באדייטען די זיבען גאָלדענע שטונדען פון אונזער ארבייטס־טאָג. ווייל די אידען מארשירען אין דאָס נייע לאנד אין צייכען פון דער ארבייט.

## געגענזייטיגע געריכטס־גילטיגקייט און אויסליפערונגס־אָפּמאכען

דער נייער יודענשטאאט מוז געגרינדעט ווערען אויף אַן עהרליכען אופן. מיר טראכטען דאָך וועגען אונזער צוקינפטיגען כבוד אין דער וועלט.—

דערפאר מוזען אלע פארפליכטונגען אין די ביז־איצטיגע וואוין־ערטער גענוי איינגעהאלטען ווערען. ביליגע באהן־בילעטען און באזעצונגס־דערלייכטערונגען וועט־

לען באקומען פון דער סאָסייעטי אָוו דזשוז און פון דער דזשואיש קאָמפּאני נאָר די אידען וואָס וועלען צושטעלען אַן אָפיציעלען פּאפּיר פון זייערע ביז־אהעריגע רעגי־רונגס־באאמטע מיט דער באשטעטיגונג: „איז אָפּגעפּאָהרען אין גוטער אָרדנונג”.

וועגען פּריוואטע חובות אין די פּאָרלאָזענע לענדער וועט מען אין יודענשטאאט קענען פּארקלאָגען געריכטליך לייכטער ווי אַנדערשוואו. מיר וועלען גאָר ניט וואר־טען ביז מען וועט אונז פּאָרזיכערען די געגענזייטיגע געריכטס־גילטיגקייט. מיר טוען דאָס נאָר צוליב אונזער אייגענעם כבוד וועגען. אזוי ארום וועלען אונזערע תביעות שפּעטער לייכטער געפינען א מעהר פריינדליכען געריכט ווי עס איז איצט דער פּאַל דאָ און דאָרט.

נאָך אַלעם דעם וואס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרען איז עס זעלבסט־פּאר־שטענדליך, אז אויך אידישע פּארברעכער וועלען מיר לייכטער אויסליפערען ווי יעדער אַנדער שטאאט, ביז צו דער צייט ווען מיר וועלען זיין ביכולת דורכצופיהרען די גרויס פון די באשטראָפונגען לויט דיזעלבע יסודות ווי אַלע אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער. מיר מוזען דערפאר אָננעמען א געוויסע איבערגאנגס־צייט, אין פּארלויף פון וועלכער מיר וועלען איבערנעמען אונזערע פּארברעכער ערשט נאָכדעם ווי זיי וועלען האָבען איבערגעקומען זייער שטראָף. וויבאַלד אָבער זיי זיינען נאָר זייער שטראָף איבערגעקומען, אזוי ווערען זיי פון אונז אויפגענומען אָהן קיין שום באַ־שרענקונג. אויך פאר די פּארברעכער אונטער אונז זאָל זיך אָנהויבען א נייע לעבען.

אזוי ארום קען די אויסוואנדערונג פאר א סך אידען ווערען א גליקליך אָפּלוי־פענדער קריזיס. די שלעכטע אויסערליכע באדינגונגען, צוליב וועלכע מאנכע כאַ־ראקטערען ווערען פּארדאָרבען, וועלען באזייטיגט ווערען און די מאָראַליש־פּארלאָ־רענע קענען געראַטעוועט ווערען.

איך וואָלט דאָ וועלען דערצעהלען א מעשה, וואָס איך האָב געלעזען אין א באריכט וועגען די גאָלד־מינען אין וויטוואָטערסטרענד. אימיצער איז אמאָל געקומען אויפ'ן פעלד, האָט זיך דאָרט באזעצט, האָט פּרובירט פּארשיידענעס, נאָר ניט קיין גאָלד־גראָבונג. ער האָט שליסליך געגרינדעט אַן אייז־פאבריק, וואָס איז גוט געגאנגען און האָט זיך דורך זיין אָרענטליכקייט באַלד ערוואָרבען אַלגעמיינעם רעספּעקט. אין יאָהרען ארום איז ער פּלוצלונג ארעסטירט געוואָרען. זייענדיג אַמאָל א באַנקיר אין פראנקפורט, האָט ער באגאנגען שווינדלערייען, איז דערנאָך אנטלאָפען און האָט אונטער א פאַלשען נאָמען אָנגעהויבען א נייעס לעבען. בעת מען האָט איהם אָבער אָפּגעפיהרט א געפאנגענעם, זיינען די אָנגעזעהענסטע מענשען געקומען צו דער באַהן־סטאנציע, האָבען איהם געזאָגט א הערצליכען זיי־געזונד און — צום ווידערזעהן! ווייל ער וועט דאָך שליסליך קומען צוריק.

וואָס איז דער מוסר־השכל פון דער געשיכטע? אַ נייעם לעבען קען מאַכען בעסער אפילו אויך אַ פאַרברעכער. און מיר האָבען דאָך פאַרהעלטניסמעסיג זעהר וועניג פאַרברעכער. וועגען דעם איז כדאי זיך צו באקענען מיט אַן אינטערעסאַנטער סטאַטיסטיק, „די קרימינאַליטעט צווישען די אידען אין דייטשלאַנד״, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט לויט אָפיציעלע דאָקומענטען פון דר. פּ. נאַטהאַן אין אויפטראַג פון קאָמיטעט פאַר אָפּוועהר פון אַנטיסעמיטישע אַטאַקעס. די דאָזיגע מיט ציפערען אָנגעשטאָפּטע שריפט מאַכט אָבער, ווי מאַנכע אַנדערע „אָפּוועהר״־פּלענער, דעם טעות, אַז מען קען מיט דעם אַנטיסעמיטיזם זיך אויס׳טענה׳ן מיט פאַרנונפט און יושר. מען האָט אונז פיינט וואַהרשיינליך גענוי אַזוי פאַר אונזערע מעלות ווי פאַר אונזערע חסרונות.

## דער נוצען פון דער אידישער אויסוואַנדערונג

איך שטעל מיר פאָר אַז די רעגירונגען וועלען דעם דאָזיגען פּלאַן שענקען אַ געוויסע אויפמערקזאמקייט, פרייוויליג אָדער אונטער דעם דרוק פון זייערע אַנטי־סעמיטען. אין אָנהויב וועט מען זיך אפשר דאָ און דאָרטען באַציהען צום פּראָיעקט מיט סימפּאַטיע און מען וועט דאָס דער סאָסייעטי אָוו דזשוז אויך ארויסווייזען.

מחמת דורך דער אידישער אויסוואַנדערונג, וועלכע איך האָב אין זינען, קענען ניט אנטשטעהן קיין עקאָנאָמישע קריזיסען. פאַרקערט, אַזעלכע קריזיסען ווי זיי האָבען אומעטום געמוזט קומען אַלס אַ רעזולטאַט פון די אידען־פיינדליכע העצען וועלען דורך דער אויספיהרונג פון דעם דאָזיגען פּראָיעקט פאַרהינדערט ווערען. אין די איצט אַנטיסעמיטישע לענדער וואָלט זיך אָנגעהויבען אַ צייט פון עקאָנאָמישען וואוילשטאַנד. וועט דאָך פאָרקומען, ווי איך האָב שוין אָפט געזאָגט, די אינ־וועניגסטע איבערוואַנדערונג פון די קריסטליכע בירגער אין די לאַנגזאַם און פּלאַנפול עוואַקוּאירטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון די אידען. ווען מען זאָל אונז ניט נאָר לאָזען טאָן וואָס מיר ווילען נאָר מען זאָל אונז דירעקט געבען הילף, דאַן וועט די באַוועגונג אומעטום אויפטאָן זעהר פיל גוטעס. עס איז אויך אַ נאַרישע פאָרשטע־לונג, פון וועלכער מען מוז זיך באַפרייען, אַז צוליב דעם אָפּצוג פון אַ סך אידען וועלען די לענדער מוזען פאַראָרימט ווערען. איין זאַך איז דער אָפּצוג, וואָס קומט פאָר אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ העצע וואו, גענוי ווי אין קריגס־צייט, עס ווערען באמת חרוב פאַרמעגענס, און אַ גאַנץ אַנדער זאַך איז דער פרייוויליגער אָפּצוג פון קאָלאָניסטען וואו אַלץ קומט פאָר אונטער דער אָפּהיטונג פון ערוואָרבענע רעכט, אין דער פולסטער געזעצליכקייט, פריי און אָפען, אין העלען טאָג, פאַר די אויגען פון די רעגירונגס־באַאמטע און אונטער דעם פולען קאָנטראָל פון דער עפענטליכער מיינונג. אַלס רעזולטאַט פון דער אידישער עמיגראַציע וואָלט די אויסוואַנדערונג פון קריסטליכע פּראָלעטאַריער אין אַנדערע וועלט־טיילען זיך אָפּשטעלען.

אחוץ דעם וואלטען די מלוכות האבען די טובה וואס זייער עקספארט וואלט געוואלדיג געוואקסען, ווייל צוליב דעם וואס די איינגעוואנדערטע אידען וועלען נאך א לאנגע צייט זיין אנגעוויזען אויף די אייראפעישע סחורות וועלען זיי זיי מוזען אימפארטירען. דורך די לאקאלע גרופען וועט דא געשאפען ווערען א געוויסע אויסגלייכונג צווישען באדארף און באציהונגס־קוועלע. די באדערפנישען, צו וועלכע מען איז געוואוינט, וועלען נאך א צייט לאנג מוזען באפרידיגט ווערען פון די אלטע, איינגעוואוינטע לענדער.

איינע פון די גרעסטע טובות, וואס וועט דערפון ארויסקומען, איז געוויס די סאציאלע דערלייכטערונג. די סאציאלע אונצופרידענהייט וואלט דערמיט קענען בארוהיגט ווערען פאר א לאנגער צייט, לכל הפחות פאר צוואנציג יאהר, און אפשר נאך מעהר. אויף יעדען פאל וואלט מען די אונצופרידענהייט קענען אפשוואכען אזוי לאנג ווי די איצטיגע אויסוואנדערונג וואלט אנהאלטען.

וואס פאר א פארמען די סאציאלע פראגע וועט אננעמען, דאס העננגט אפ נאר פון דער אנטוויקלונג פון טעכנישען פראגרעס. דער דאמף האט די מענשען צוזאמענגעטריבען ארום די מאשינען אין די פאבריקען, וואו זיי זיינען צוזאמענגעקוועטשט און ליידען איינער פון צווייטען. די פראדוקציאן איז אונגעהויער גרויס, אהן אן אויסוואהל און אהן א פלאן, און פיהרט דערפאר אלע ווייל צו שווערע קריזיסען, וואס מאכען א תל פון דעם אונטערנעמער צוזאמען מיט די ארבייטער. דער דאמף האט די ארבייטער־מאסען צוזאמענגעפרעסט. די איינפיהרונג פון עלעקטריציטעט וועט זיי וואהרשיינליך ווידער פאנאנדערשפרייטען און וועט זיי אפשר ברענגען צו גליקליכערע ארבייטס־באדינגונגען. יעדענפאלס וועלען די טעכנישע ערפינדער, די דאזיגע אמת'ע גוטס־טוער פון דער מענשהייט, פארטזעצען זייער ארבייט אויך נאך דעם אנהויב פון דער אידישער אויסוואנדערונג און וועלען האפענטליך ערפינדען וואונדערבארע, נייע, פיל וואונדערבארערע זאכען ווי ביז איצט.

איצט שוין זעהט אויס ווי דאס ווארט „אונמעגליך“ איז ווי פארשוואונדען פון דער שפראך פון דער טעכניק. ווען א מענש פון פאריגען יאהרהונדערט זאל היינט צו אונז קומען, וואלט איהם אונזער גאנצעס לעבען פארגעקומען ווי אן אונבאגרייפליכע כשוף־וועלט. אומעטום וואו מיר מאדערנע מענשען באווייזען זיך מיט אונזערע טעכנישע הילפס־מיטלען מאכען מיר פון א מדבר א גן־עדן. כדי אויפצובויען שטעדט באדארפען מיר היינט דערצו אזויפיל יאהרען וויפיל מען פלעגט דערפאר געברויכען אין אמאליגע עפאכען יאהרהונדערטען. אונצעהליגע ביישפילען וועגען דעם גיט אונז אמעריקא. וועיטקייטען האבען אויפגעהערט צו זיין שטערונגען. דער אוצר פון מאדערנעם גייסט פארמאגט שוין אונאפשאצבארע רייכטימער. מיט יעדען טאג פארמערען זיי זיך. הונדערט טויזענט מוחות טראכטען, זוכען אין אלע ווינקעלאך פון דעם ערד־קוגעל, און וואס איינער אנטדעקט געהערט אין א מינוט ארום דער גאנצער וועלט.

מיר אליין וואלטען וועלען, אז אין אידישען לאנד זאָלען באנוצט ווערען אלע עקספערימענטען. מיר וואָלטען וועלען זיין פאָרבילדער פאר אנדערע. גענוי ווי מיט דעם זיבען־שעה׳דיגען ארבייטס־טאָג מאכען מיר אן עקספערימענט צום וואויל פון דער גאנצער מענשהייט, אזוי ווילען מיר זיין דער אוואנגארד פון אלצדינג וואָס איז מענשען־פריינדליך און אלס א ניי לאנד ווילען מיר רעפרעזענטירען א פארזוכס־לאנד און א מוסטער־לאנד.

נאָך דעם אָפּצוג פון די אידען וועלען די פון זיי געשאפענע אונטערנעמונגען פארבלייבען דאָרט וואו זיי זיינען געווען. דאָרט, וואו מען איז צופרידען איהם צו האָבען, וועט אפילו דער אידישער אונטערנעמונגס־גייסט ניט פעהלען. דאָס באַוועגליכע אידישע קאפיטאל וועט נעמליך אויך שפעטער זוכען אינוועסטירונג דאָרטען וואו זיינע באזיצער זיינען פארטרויט מיט די באדינגונגען. בעת איצט זוכט דאָס אידישע קאפיטאל צוליב די פארפאָלגונגען אויסצוגעפינען די וויטעסטע אונטערנעמונגען אין אויסלאנד, וועט עס ביי דער דאָזיגער פרידליכער לייזונג צוריקקערען און ביטראָגען צום ווייטערען פראָגרעס פון די ביז־אהעריגע וואוין־לענדער פון די אידען.

# שלום־וואָרט

יאָ, איך ווייס אַז אין דעם איצטיגען בוך וועגען וועלכען איך האָב אַזוי פיל געטראַכט און ארום וועלכען איך האָב זיך אָפּט איבערגעאַרבייט, איז נאָך פילעס געבליבען ניט אויפגעקלערט; עס זיינען פאַראַן גענוג פעהלערן, שטעלען וואָס זיינען געשריבען מיט אַ שטערענדער איבעראייַלטקייט און נוצלאָזע ווידערהאָלונגען.

דער געניינטער לעזער אָבער, וואָס האָט פארשטאַנד גענוג אריינצודרינגען אין דעם אינוועניגסטען זין פון די ווערטער, וועט זיך ניט לאָזען אָפּשרעקען דורך די חסרונות. פאַרקערט, איך גלויב, אַז דאָס וועט זיין פאַר איהם אַ גרונד פאַר אַ טיפערען אינטערעס זיך צו באַטייליגען מיט זיין חריפות און מיט זיין קראַפט אין אַ ווערק וואָס איז ניט דאָס אייגענטום פון אַן איינצעלנער פערזאָן, כדי עס צו פאַרבעסערן.

אפשר האָב איך ערקלערט זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַכען און האָב פאַרזעהן וויכטיגע ספקות?

עטליכע געגען־אַרגומענטען האָב איך פּרובירט אָפּצושוואַכען; איך ווייס, עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע, אַ סך, עס זיינען פאַראַן הויכע און נידריגע געגען־אַרגומענטען.

צום העכערען סאָרט אַרגומענטען געהערט די טענה, אַז די אידישע נויטלאַגע איז ניט די איינציגע אין דער וועלט. פונדעסטוועגען אָבער גלויב איך, אַז עס איז אונזער חוב אָנצוהויבען צו באַזייטיגען ווענינגסטענס אַ טייל פון די ליידען, אַפילו ווען עס האַנדעלט זיך דערווייל נאָר וועגען אונזערע אייגענע ליידען.

מען קען צו אונז אפשר האָבען אַ טענה, אַז מיר געהען באַשאַפען נייע אונטער־שיידען צווישען די מענשען; מיר זאָלען ניט באַשאַפען קיין נייע גרעניצען נאָר בעסער זיך באַמיהען אַז די אַלטע גרעניצען זאָלען פאַרשווינדען. די וואָס דענקען אַזוי, גלויב איך, זיינען סימפּאַטישע פאַנטאַזיאָרען; אָבער דער שטויב פון זייערע ביינער וועט שוין לאַנג זיין צוזייט און צושפּרייט בעת די פּאַטערלאַנדס־אידעע וועט נאָך אַלץ בליהען. די אַלגעמיינע פאַרברידערונג איז אפילו ניט קיין שעהנער חלום. כדי די פּערזענליכקייט זאָל זיין פעהיג צו די העכסטע אָנשטרענגונגען, איז נויטיג אַ שונא, וואָס זאָל זי טרייבען דערצו.

און אָט הערען מיר אַ נייע טענה. אַזוי ווי די אידען וועלען אין זייער אייגענער מדינה ניט מעהר האָבען קיין שונא, און אַזוי ווי זיי וועלען צוליב דעם וואָס עס

וועט זיי גוט געהן ווערען אָפּגעשוואַכט און דעגענערירט, וועט דאָך דאָס אידישע פאָלק דענסטמאָל געוויס געהן צו־גרונד. — איך גלויב אָבער, אז דערפאַר איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. די אידען וועלען אַלע מאָל האָבען גענוג שונאים, אַזוי ווי יעדעס אַנדער פאָלק. ווען זיי וועלען אָבער זיצען אויף זייער אייגענעם באָדען, וועלען זיי קיינמאָל ניט מעהר קענען אויף דאָס ניי ווייטער צושפּרייט און צוטריבען ווערען איבער דער וועלט. אַזוי לאַנג ווי די גאַנצע קולטור ווערט ניט צוזאַמענגעבראָכען, קען זיך דער גלות נאָך אַ מאָל מעהר ניט ווידערהאָלען. נאָר באַשרענקטקייט קען מורא האָבען פאַר אַזאַ פאַל. די איצטיגע קולטור האָט גענוג מאַכט־מיטלען כדי זיך צו פאַרטיידיגען.

נידעריגע געגען־אַרגומענטען זיינען פאַראַן אָהן אַ שיעור, אַזוי ווי עס זיינען אויך פאַראַן מעהר נידעריגע מענשען ווי העכערע. עטליכע באַשרענקטע השגות האָב איך פּרובירט צו פאַרניכטען. ווער עס איז גרייט זיך צו שטעלען אַרום דער ווייסער פאָהן מיט די זיבען שטערן, איז מחויב מיטצוהעלפען אין דער דאָזיגער אויפקלערונגס־קאַמפּאַניע. אפשר וועט דער קאַמף צוערשט מוזען געפיהרט ווערען געגען מאַנכע שלעכטע, ענגהאַרציגע און טעמפּע אידען.

מען וועט אפשר זאָגען, אַז איך גיב די אַנטיסעמיטען כלי־זיין אין די הענט. ווי אַזוי? דערפאַר וואָס איך בין מודה דאָס וואָס איז אמת? דערפאַר ווייל איך באַהויפּט ניט, אַז מיר האָבען צווישען אונז נאָר אויסגעצייכענטע מענשען?

מען וועט אפשר זאָגען, אַז מיין פּלאַן ווייזט אָן אויף אַ וועג, וואָס קען אונז שאַדען. איך לייקען דאָס גאַנץ קאַטעגאָריש. דאָס, וואָס איך שטעל פאָר, קען דורכגעפיהרט ווערען נאָר מיט דער פרייער צושטימונג פון דער אידישער פאָלקס־מעהרהייט. מען קען אפשר דערמיט אָנטאָן שאָדען איינצעלנע אידען, יאָ, אפשר גאַנצע גרופּען פון די איצט מעכטיגסטע אידישע קרייזען—אָבער קיינמאָל קען דאָס ניט זיין קיין אַקט פון דער מלוכה געגען אַלע אידען. די געזעצליכע גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידען, דאָרט וואו זי עקזיסטירט שוין, קען מען ניט מבטל מאַכען; אפילו די אָנפאַנגס־פאַרזוכען אין דער ריכטונג וואָלטען תיכף טרייבען אַלע אידען, אָרים און רייך, צו די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. שוין דער אָנהויב פון אָפיציעלע אונגערעכטיגקייטען געגען אידען האָט אומעטום אַרויסגערופען עקאָנאָמישע קריזיסען. מען זעהט, אַז אין גרונד גענומען קען מען געגען אונז גאָרניט טאָן, אויב מען וויל זיך אַליין ניט אָנטאָן קיין שאָדען. אין אַזאַ צושטאַנד האַלט די שנאה געגען אונז אין איין וואַקסען. די רייכע לייט מערקען דערפון ניט פיל, אָבער אונזערע אָרימע מאַסען! זאָל מען נאָר פרעגען וועגען דעם, זיי, אונזערע ליידענדע מאַסען, וועלכע זיינען, זייט דער פאַרשטאַרקונג פון אַנטיסעמיטיזם, פּראָלעטאַריזירט געוואָרען אויף אַ פיל שרעקליכערען אופן ווי ווען עס איז פריהער.

וועלען אפשר געוויסע רייכע עלעמענטען גלויבען, אז פאר א מאסען־אויסוואנ־דערונג זיינען די פארפאלגונגען נאך ניט גרוים גענוג? זיי וועלען פארשטארקען זייער מיינונג מיט דעם ארגומענט, אז אפילו ביי געצוואונגענע אידישע פאר־טרייבונגען און גירושים לאזען זיך אונזערע ברידער זעהר ניט גערן אין דער וואנ־דערשאפט. דאס איז אמת ווייל זיי ווייסען ניט וואוהין זיי זאלען געהן. ווייל זיי געהען אוועק פון איין יאמער אין א צווייטען. מיר אבער ווייזען זיי דעם וועג צום געבענשטען לאנד. אנטקעגען דער שרעקליכער מאכט פון דער געוואוינהייט וועט די וואונדערבארע מאכט פון דער באגייסטערונג מוזען אנפיהרען אן ערציהע־רישען קאמף.

וואס? איהר זאגט אז די פארפאלגונגען זיינען ניט מעהר אזוי גרויזאם ווי אין מיטעלאלטער? קען זיין. אבער אונזער עמפינדליכקייט איז געוואקסען אזוי, אז מיר פיהלען ניט קיין פארקלענערונג פון די יסורים. די דורות־לאנגע פאר־פאלגונגען האבען געטריבען אונזערע נערווען צו דער גרעסטער שפאנונג.

און אפשר וועט מען גאר זאגען: אפילו ווען מיר באקומען דאס לאנד און די סואווערעניטעט, אויך דאן איז די אונטערנעמונג א האפנונגסלאזע, ווייל נאר די ארימע לייט וועלען געהן? דוקא די ארימע מאסען באדארפען מיר צוערשט. צום ערְאבערען טויגען נאר די וואס האבען גארניט וואס צו פארלירען.

וועט אימיצער זאגען: יא, ווען דאס וואלט געווען מעגליך און דערגרייכבאר, וואלט מען דאס שוין געהאט פריהער געטאן?

ניין, פריהער איז עס ניט געווען מעגליך. איצטער איז עס מעגליך. נאך מיט הונדערט, מיט פופציג יאהר צוריק וואלט דאס געווען א פאנטאזיע. היינט איז דאס אלץ א ווירקליכקייט. די רייכע לייט, וועלכע האבען א ריכטיגען אי־בערבליק פון אלע טעכנישע דערגרייכונגען, ווייסען גענוי וואס מען קען אלץ מיט געלט אויפטאן. און אזוי וועט עס אויך זיין: גראד די ארימע און איינפאכע וואס האבען גאר קיין אהנונג ניט וואס פאר א געוואלטיגע מאכט דער מענש בא־זיצט איצט שוין איבער די נאטור־כחות, זיי וועלען אם שטארקסטען גלויבען אין דעם נייעם אנזאג, ווייל זיי האבען די האפנונג אויף דאס געבענשטע לאנד ניט פארלארען.

אידען, אט דא שטעהט עס פאר אייערע אויגען! דאס איז ניט קיין לעגענדע און ניט קיין אפנארעריי! יעדערער קען זיך דערין איבערצייגען ווייל יעדערער נעמט מיט זיך מיט א שטיק פון געבענשטען לאנד: איינער אין זיין מוח, דער צווייטער אין זיינע ארבייטס־הענט און דער דריטער אין זיין פארמעגען.

מאַנכע קענען מיינען, אַז דאָס איז אַ לאַנג־דויערענדער ענין. אפילו אין בעסטען פאַל וואָלט דער אָנהויב פון דער מלוכה־גרינדונג ערשט קענען פאָרקומען אין אַ סך יאָהרען אַרום. דערווייליגע אָבער ווערען די אידען אומעטום באשימפּט, געקרענקט, געשאָלטען, געשלאָגען, בארויבט און ערמאָרדעט. דאָ אָבער זעהען מיר — אַז וויבאַלד נאָר מיר מאַכען אפילו דעם קלענסטען אָנהויב פאַר דער אויספיהרונג פון פּלאַן, ווערט דער אַנטיסעמיטיזם אומעטום און תיכף אָפּגעשטעלט. ווייל דאָס איז דער פרידענס־שלום. ווען די דזשואיש קאָמפּאני וועט באשאַפען ווערען, וועט די ידיעה פאַרשפּרייט ווערען אין פאַרלויף פון איין טאָג דורכ'ן טעלע־גראַף אין די וויטסטע טיילען פון דער וועלט.

און תיכף טרעט איין די פאַרלייכטערונג. פון די מיטעלשטאַנדס־שיכטען שיידט זיך אַרויס אונזער איבער־פּראָדוצירטע מיטעלערע אינטעליגענץ; זי טרעט אַריין אין אונזערע אָרגאַניזאַציעס, זיי ווערען אונזערע ערשטע טעכניקער, אָפיצירען, פּראָפעסאָרען, באַאַמטע, אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים. און אַזוי אַנטוויקעלט זיך די זאַך ווייטער, שנעל און דאָך אָהן קיין אויפטרייסלונג.

אין די שוהלען און טעמפּלען וועט מען מתפלל זיין פאַר דאָס געלינגען פון אונזער ווערק. אָבער אויך אין די קירכען! דאָס איז די לייזונג פון אַן אַלטער באַדריקונג, פון וועלכער אַלע האָבען געליטען.

אָבער די ערשטע באַדינגונג איז — עס מוז ווערען ליכטיג אין די מוחות. דער געדאַנק מוז אַרויספליהען ביז צו די פאַרוואָרפענסטע עלענדסטע נעסטען וואו עס געפינען זיך נאָר אונזערע ברידער. זיי וועלען זיך אויפכאַפּען פון זייערע דער־שטיקענדע קעלערען, ווייל אַ נייער אינהאַלט דרינגט אַריין אין אונזער אַלעמענס לעבען. יעדערער דאַרף נאָר טראַכטען וועגען זיך אַליין און דערמיט שוין ווערט די באַוועגונג אַ געוואַלדיגע.

און וואָס פאַר אַ רוהם עס וואַרט אויף די וואָס קעמפען איבערגעבען פאַר דער זאַך!

דערפאַר גלויב איך, אַז פון זיך אַליין, מיט אַ נאַטור־קראַפט וועט אויסוואַקסען אַ דור פון נייע, וואונדערבאַרע אידען. די מאַקאַבייער וועלען אויף דאָס ניי אויפ־שטעהן.

דאָס וואָרט וואָס איז שוין דאָ אַמאָל געזאָגט געוואָרען זאָל ווידערהאָלט ווערען: די אידען, וועלכע ווילען, וועלען האָבען זייער לאַנד.

## יודענשטאאט

ענדליך זאָלען מיר ווי פרייע מענשען אויף אונזער באָדען לעבען און אין אונזער אייגענער היים רוהיג שטארבען.

די וועלט וועט דורך אונזער פרייהייט באפרייט ווערען, באריייכערט ווערען דורך אונזער רייכטום און גרעסער ווערען דורך אונזער גרויסקייט.

אלץ וואָס מיר וועלען טאָר דאָרטען פאר אונזער אייגענעם וואוילזיין וועט האָבען א מעכטיגע ווירקונג פאר דאָס גליק און דעם וואויל פון אלע מענשען.

ע נ ד ע.